# עמיל זאָלאַ

## דער קעמפער קעגן רעאַקציע



גראשן-ביבליאָטעק נר. 263 פרייז 30 גראשן

# פאָרוואָרט

שווער זיך פאָרצושטעלן אפילו איין לייענער, וואָס לייענט ביכער בכלל, ער זאָל נישט האָבן געלייענט זאָלאַס ראָמאַנען.

זאָלאַ איז נישט נאָר איינער פון די גרעסטע, נאָר אויך איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע שרייבער אין דער וועלט־ליטעראַטור.

היינט, אין פערטן יאָרצענדליק נאָך זאָלאַס טויט, איז זיין פּאָפּולאַריטעט נאָך גענוג גרויס און דער ברייטער לייענער־עולם לייענט זיינע ראָמאַנען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

זאָלאַ איז געווען דער שעפער פון דער נאַטוראַליסטישער שולע אין דער ליטעראַטור; נישט נאָר האָט ער אַליין געשאַפן מיטן נאַטוראַליסטישן מעטאָד, נאָר ער איז אויך געווען דער באַגרינדער און טעאָרעטיקער פון דער דאָזיקער ליטעראַרישער שולע.

ווי דער רוב גרויסע שרייבער — איז זאָלאַ אויך געווען — אַ קעמפער.

ער האָט געקעמפט נישט נאָר פאַר נייע ליטעראַרישע פאָרמען, נאָר אויך פאַר אַ נייער מענטשלעכער געזעלשאַפט — ווי ער האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, אין רעזולטאַט פון זיין צייט, אָפּשטאַם, סביבה און דערציונג.

זייענדיק, ווי יעדער עכטער קינסטלער, אַן עסטעט — האָט ער פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז העסלעך, צי אין אינדי־ווידועלן, צי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איינע פון די העסלעכסטע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען איז דאָס מאָראַלישע צרעת, וואָס רופט זיך „אַנטיסעמיטיזם“.

שטענדיק, ווען עס פאַרשאַרפן זיך די קאַמפן צווישן צוויי סאָציאַלע שטרעמונגען — אַ פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָ־

גערע — און דער רעאַקציאָנערער, פון לעבן פאָראורטײלטער יאַגער, פילט זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט — לאָזט ער אַרויס די משוגענע הינט פונם אַנטיסעמיטיזם מיט זייערע גיפטיקע ציין.

די זעלבע דערשײנונג איז זאָגאָר אויסגעקומען צו באָאָב־אַכטן אין פראַנקרײך, בעת דער באַרימטער דרייפוס־אַפערע*).
זאָלאַ, ווי אַ גרויסע פערזענלעכקייט און ווי אַ גרויסער עס־טעט, האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק בלייבן צו דער האַזיקער העסלעכער דערשײנונג פונם אַנטיסעמיטיזם און ער האָט אויפ־געהויבן זיין מעכטיקע שטים פון פראָטעסט.
נישט נאָר:
— איך פראָטעסטיר!
נאָר אויך:
— איך באַשולדיק!
מוטיק, אָן פחד.

ער האָט זיך נישט געשראָקן — נישט פאַרן אויפגעהעצ־טען, פינסטערן המון און נישט פאַר די מושלים פון דער רע־פובליק.

אים האָט נישט אָפגעהאַלטן האָס באַוואוסטזיין, אַז ער וועט פאַר זיין דרייסטן שריט מוזן אַנטלויפן פון זיין פאָטער־לאַנד אין אַ ביטערן גלות.

אין דער היינטיקער צייט, ווען גרויסע שרייבער ווייזן־אַרויס אַזאַ שרעקלעכע קליינמוטיקייט, ווען אַזאַ געהאַרד הויפטמאַן, דער מחבר פון די „וועבער“, בייגט זיך הכנעהדיק פאַר די מושלים פון „דריטן רייך“, ווען אַזאַ האַמסון טרעט־

---

*) זע: „גראַשן־ביבליאָטעק“ נומ׳ 34 און 35 „די טראַ־גערייע דרייפוס“.

אַרויס אויף אַן עקהאַפטן אופן אין פאַרטיידיקונג פון די דייַ־
טישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועו אין אַנדערע לענדער וואַגן
נישט שריפטשטעלער אפילו פון יידישער אָפּשטאַמונג, אָדער
אַליין יידן, אויפצוהייבן זייער שטים פון פּראָטעסט קעגן אַנטי־
סעמיטיזם — אין אַזאַ צייט דאַרף מען אַרויסשטעלן ווי אַ
מוסטער אַזאַ ליכטיקע געשטאַלט ווי עמיל זאָלאַ!

קוקט, איר קליינע געמיטער מיט גרויסע נעמען, אויף
דער האָזיקער געשטאַלט און — לאָזט־אַראָפּ פאַרשעמט די
אויגן . . .

ער — האָט פאַרמאָגט נישט בלויז גרויסן טאַלאַנט, נאָר
אויך גרויסן מוט און גרויסע מענטשלעכקייט.

ער — איז נישט נאָר אַ גרויסער שרייבער געווען, ער —
איז אויך אַ גרויסער מענטש געווען!

און דאָס איז וויכטיקער!

# דער פאָטער

אין אַ זומער־טאָג פון יאָר 1846 איז דער אינזשיניער פראַנסואַ זאָלאַ אַהיימגעקומען אַ פריילעכער און אַן אויפגעלעבטער. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז שוין 51 יאָר אַלט געווען, האָט ער זיך איצט געפילט ווי אַ יינגל און ער איז אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ פריילעך־צעשטיפטער.

— הער, מיין טייערע! — האָט ער אויסגערופן צו זיין פרוי — איצט וועלן מיר קאָנען אַ לעב־טון, ווי עס דאַרף צו זיין!

ער האָט פון פרייד אַזש אונטערגעטאַנצט ביים רעדן, ווי איינער, וואָס איז פון זינען אַראָפּ.

— וואָס איז געשען? — האָט זיין פרוי געפרעגט מיט אַ טאָן פון אַפּאַטיע און אומגלויבן. זי האָט שוין נישט איין־מאָל געזען איהר מאַן אַ צעפרייטן און באַגייסטערטן פון עפּעס אַ פאַנטאַזיע, וועלכע האָט זיך, ווי דער שטייגער, אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. איר סקעפּטיציזם איז דעריבער געווען אַ באַגרינדעטער.

אָבער איצט האָט זי אַ טעות געהאַט. איצט האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ געשעענעם פאַקט.

— מיין פּראָיעקט איז באַשטעטיקט געוואָרן! — האָט דער אינזשיניער אויסגערופן, איינהערנדיק זיך מיט חידוש אין זיינע אייגענע ווערטער.

באַשטעטיקט געוואָרן... נאָך 9 יאָר שווערע באַמיונגען און לויפענישן.

אָבער אָט ווערט פון זיין חלום אַ ווירקלעכקייט. איצטער וועט זיין — אי מאַטעריעלער וואוילשטאַנד, אי זיין פאַמיליע

וועט זיין פאַרזאָרגט און אַז זיין נאָמען וועט פּאָראַייביקט ווע-
רען! . . .

ווען ער שעמט זיך נישט — וואָלט ער זיך איצטער צע־
טאַנצט פון שמחה און זיך צעשריגן, ווי אַ קינד צעשרייט זיך
פון פרייד, ווען מען ווייזט עם אַ בלישטשענדיקע צאַצקע...

---

ווער איז געווען דער אינזשיניער פראַנסואַ זאָלאַ און
פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי געפרייט?

פראַנסואַ זאָלאַ, דער פאָטער פונם באַרימטן פראַנצויזי־
שען שריפטשטעלער עמיל זאָלאַ, איז געבוירן געוואָרן זומער
1796 אין ווענעדיג פון אַ פאָטער אַ ווענעציאַנער און אַ מו־
טער, וועלכע האָט אָפּגעשטאַמט פונם אינזל קאָרפו.

ווען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער איז געוואָרן קייסער, איז
פראַנסואַ קוים 8 יאָר אַלט געווען. ער איז אָבער זייער פרי
אַריינגעטרעטן אין דער אַרמיי. אין יאָר 1813, ווען פראַנסואַ
איז אינגאַנצן 17 יאָר אַלט געווען, איז ער שוין אַריינגעטרעטן
אין דער אַרטילעריע און ער האָט געדינט אין דער אַרמיי פון
פירשט אייזשען אין ראַנג פון אַן אָפיציר.

נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה*) איז ווענעדיג פאַרנומען גע־
וואָרן דורך עסטרייך. פראַנסואַ זאָלאַ טרעט דעמאָלט אַרויס
פון דער אַרמיי, נעמט זיך לערנען און ענדיקט אויף אינזשיניער.

ער האָט אָנגעשריבן אַ ריי ווערק, וואָס האָבן געהאַט
אַ שייכות צו זיין אינזשיניערן־פאַך. פאַר איין בוך — „טראַק־
טאַט וועגן מאָסן" — האָט ער באַקומען דעם טיטל פון אַ

---

*) זע: „גראָשן־ביבליאָטעק" נומ' 30 „נאַפּאָלעאָן באָ־
נאַפּאַרט, זיין לעגענדאַרייש לעבן און טרויעריקער סוף".

מיטגליד פֿון דער פּאַדואַנישער אַקאַדעמיע און אַ מעדאַל פֿונעם האָלענדישן קעניג.

אַזוי ווי דער דרוק פֿון דער עסטרייכישער הערשאַפֿט האָט זיך וואָס־אַמאָל אַלץ שווערער געלאָזט פֿילן אין ווענעדיג — האָט דער געוועזענער אָפֿיציר פֿראַנסואַ זאָלאַ באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן זיין היימלאַנד.

זינט זיין פֿאַרלאָזן איטאַליע, האָבן זיך פֿאַר פֿראַנסואַ זאָלאַ אָנגעהויבן אַ דריי יאָרן פֿון וואַנדערונגען איבער אייראָפּע. ער בויט־אויף איינע פֿון די ערשטע באַן־ליניעס אין דייטש־לאַנד, פֿון וואַנען ער פֿאָרט דערנאָך אַוועק קיין ענגלאַנד, פֿון דאָרט פֿאָרט ער קיין האָלאַנד.

סוף 1830 קומט ער קיין פֿראַנקרייך, וואו ער פֿאַרבלייבט שוין ביז זיין טויט.

פֿראַנסואַ זאָלאַ איז אויסגעשטיגן פֿון דער שיף אין מאַרסעל. די רירעוודיקע, פֿרייִלעכע, גלאַנצפֿילע און חנעוודיקע פֿראַנצויזישע שטאָט האָט מיטגעריסן דעם עמפּפֿינדלעכן ווענעציאַנער, וועלכער האָט זיך בשום־אופֿן נישט געקאָנט צוגעוווינען צום מרה־שחורהדיקן האָלענדישן הימל און צו דער לאַנגווייליקער פֿאַרנעפּלטקייט אין ענגלאַנד.

דאָ ווערט דער אינזשעניער זאָלאַ אַריינגעכאַפּט אינם ווירבל פֿון האַנדלס־אינטערעסן, אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און איינפֿאַלן, פֿאַר וועלכע ער פֿאַרווענדט זיינע כוחות און טאַלענט.

מאַרסעל געפֿעלט אים און ער רעכנט דאָ צו פֿאַרבלייבן אַ תּושבֿ. ער עפֿנט זיך אַ צייוויליע אינזשעניערישע ביוראָ. אָבער דעם עמפּפֿינדלעכן, פֿיין־פֿילנדיקן ווענעציאַנער באַפֿרידיקן נישט די דאָזיקע עסקים זיינע.

פֿראַנסואַ זאָלאַ איז שוין דעמאָלט אַלט געווען 40 יאָר —

דאָס איז די עלטער, ווען אַ מענטש אַנטשליסט זיך, וועלכער ערנסטער זאַך ער זאָל ווידמען זיינע כוחות. פראַנסואַ זאָלאַ האָט געוואָלט מיט עפּעס זיך אויסצייכענען, שאַפן עטוואָס אַזעלכעס, וואָס זאָל פאַראייביקן זיין נאָמען פאַר די קומענדיקע דורות.

אָבער וואָס אַזעלכעס זאָל ער אויפטון?

נאָר אָט איז אין זיין מוח געבוירן געוואָרן אַן אידעע:

מאַרסעל לעבט פון ים און פונם ים־האַנדל. דער מאַרסע־לער פּאָרט איז אָבער שוין פון לאַנג געהאַט אָנערקענט געוואָרען פאַר פאַרעלטערט און נישט אַנטשפּרעכנדיק צו די מאָ־דערנע באַדערפעניש. נאָך לאַנגע פאָרשונגען און גענוי שטו־דירן דאָס אָרט מיט אַלע פּרטים און דעטאַלן — האָט ער אויס־געאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ נייעם פּאָרט.

פר. זאָלאַ איז באַגייסטערט פון זיין פּראָיעקט. ער איז זיכער, אַז ער וועט אָנגענומען ווערן און ער וועט דערגרייכן זיין ציל: אויפבויען אַ בנין לדורות!

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון לאַנגע באַמיונגען און השתדלותן, ספּעציעלע נסיעות קיין פּאַריז.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען — איז דער פּראָיעקט נישט אָנגענומען געוואָרן.

דער אינזשעניער פראַנסואַ זאָלאַ האָט אָבער נישט גע-הערט צו יענע לייט, וואָס ציען זיך צוריק נאָך דער ערשטער פאַרשפּילטער שלאַכט.

,,אויב נישט מאַרסעל — וועט זיך געפינען אַן אַנדער אָרט, וואו ער וועט קאָנען פאַרווענדן זיינע כוחות און פעאי־קייטן‘‘.

30 קילאָמעטער פון מאַרסעל ליגט די שטאָט עקס
(Aix) די געוועזענע הויפּט־שטאָט פון פּראָוואַנס. פראַנסואַ

זאָלאַ פֿלעגט אָפֿט באַזוכן די דאָזיקע שטאָט, וועלכע מ'האָט געריפֿן: „דאָס פּראָוואַנסער מאַרסעל".

און אָט האָט ער איין מאָל אום זומער באַמערקט, ווי אַלע פֿאָנטאַנען האָבן אויסגעטריקנט. די שטאָט עקס האָט געליטן פֿון אַ דוחק אין וואַסער. עקס האָט נישט געהאַט אַזעלכע וואַסער־רעזערוואַרן, ווי, למשל, מאַרסעל, אַז זי זאָל קאָנען ענדערן פֿאַר איר באַקוועמלעכקייט דעם לויף פֿון גאַנצן טייך.

דער אינזשעניער זאָלאַ האָט זיך פֿאַרטראַכט:

— צי קאָן מען נישט געפֿינען עפּעס אַ מיטל, ווי־אַזוי דורכצופֿירן וואַסער אין שטאָט אַריין?

ער האָט אָנגעהויבן מאַכן אָפֿטע נסיעות קיין עקס, כדי אויסצופֿאָרשן איר אומגעגנט.

זוכנדיק אין דער אומגעגנט, האָט אינזשעניער זאָלאַ אָנגעטראָפֿן אויף אַ טיפֿן טאָל, אין וועלכן עס פֿלעגט אָפּלויפֿן דאָס וואַסער נאָך אַ רעגן.

עס איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן:

ער וועט דעם דאָזיקן טאָל פֿאַרצוימען מיט אַ טאַמע און וועט דורכפֿירן אַ קאַנאַל צו דער שטאָט!

זינט דעם יאָר 1837 האָט זיך פֿראַנסואַ זאָלאַ אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט זיין פּלאַן. ער האָט זיך געמוזט באַמיען וועגן מאַטעריעלע מיטלען, אָרגאַניזירן געזעלשאַפֿטן, ווענדן זיך צו דער אָרטיקער שטאָט, אויסמיידן פֿאַרשידענע מניעות, פֿאָרן עטלעכע מאָל קיין פּאַריז.

אויף איינער פֿון די דאָזיקע נסיעות זיינע האָט פֿראַנסואַ זאָלאַ חתונה געהאַט מיט אַ שיין, אָרעם, 19־יאָריק פֿראַנצוי־זיש מיידל.

אויף אַ געוויסער צייט האָט אים די שיינע פֿראַנצויזין

אַרויסגעשלאָגן פֿון קאָפּ אַרויס דעם פּראָיעקט וועגן דעם עקזער קאַנאַל. אָבער ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט און ער האָט זיך ווידער גענומען מיט דער גאַנצער ענערגיע צום פֿאַרווירקלעכן זיין פּלאַן.

ער האָט זיך באַקענט מיט טהיערן, וועלכער האָט אים געגעבן זיין פּראָטעקציע.

אָבער דעם „קעניגלעכן דעקרעט“, וועגן וועלכן ער האָט זיך אַזוי פֿיל באַמיט, האָט ער אויסגעפּועלט ערשט אין יאָר 1846, נאָך 9 יאָר כסדרדיקע, אומדערמידלעכע השתדלות.

ס'איז דעריבער גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס דער אינזשעניער פֿראַנסואַ זאָלאַ איז אין יענעם זומערדיקן טאָג, וועגן וועלכן מיר האָבן אויבן דערציילט, אַזוי בשמחה געווען.

נאָך דער אַנטוישונג אין מאַרסעל און נאָך די 9 יאָר מי און מאַטערניש — האָט ער ענדלעך דערגרייכט די פֿרוכט פֿון זיין מי — פֿון זיין טרוים ווערט אַ ווירקלעכקייט!

ער האָט זיך תיכף מיט זיין פֿאַמיליע אַריבערגעצויגן קיין עקס, וואו ער האָט ענדלעך געקאָנט צוטרעטן צו דער אַרבעט, וועלכע ער האָט אַזוי לאַנג דורכגעטראַכט.

כאָטש ער איז שוין נישט געווען קיין יונגערמאַן, איז ער נאָך געווען גענוג געזונט און פֿריש, פֿיל מיט לעבן.

בלויז עטלעכע יאָר האָט געדאַרפֿט דויערן, אַז זיין אידעע זאָל פֿאַרוואַנדלט ווערן אין ווירקלעכקייט.

דעמאָלט — ווערט זיין נאָמען זיין פֿאַראייביקט און זיין פֿאַמיליע פֿאַרזיכערט!

נישט באַשערט געווען אָבער דעם אינזשעניער זאָלאַ, אַז ער זאָל דערלעבן די פֿאַרווירקלעכונג פֿון זיינע חלומות.

אַ קליינע סיבּה, אַ באַנאַלע: ער האָט זיך פֿאַרקילט...

און דריי חדשים נאָך דעם, ווי ער האָט, האַלטנדיק זיין

קלײנעם זון אויף דער האַנט, זיך צוגעקוקט ווי מ'הייבט־אָן די אַרבעט פון פאַרווירקלעכן זײַן אויסגעטרוימטן פּראָיעקט — איז ער געשטאָרבן...

דעם בר־מינן האָט מען איבערגעפירט קיין עקס און מען האָט אים קובר געווען אויפן אָרטיקן בית־עולמין.

ערשט אין אַ סך יאָרן שפּעטער האָט מען אײנעם פון די עקסער בולוואַרן אָנגערופן: „בולוואַר פון פראַנסואַ זאָלאַ".

דער אינזשעניער זאָלא האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע אַלמנה מיט אַ 7־יאָריק ייִנגל, וועלכן ס'איז באַשערט געווען אויפצוגיין ווי אַ גרויסער שטערן אויפן הימל פון זײַן צײַט.

דאָס גאַנצע פאַרמעג פון טרוימערישן אינזשעניער איז געלעגן אינעם פּראָיעקט און אין די אָנגעהויבענע אַרבעטן.

דער קאַנאַל איז אָבער נישט פאַרענדיקט געוואָרן לויט זאָלאַס פּלענער. מ'האָט אים פאַרבײַטערט און פאַרבעסערט. פונדעסטוועגן האָט מען דעם קאַנאַל אָנגערופן אויפן נאָמען פון ערשטן פּראָיעקט־געבער: „קאַנאַל פון פראַנסואַ זאָלאַ".

## קינדהייט און יוגנט

עמיל זאָלא איז געבוירן געוואָרן דעם 2־טן אַפּריל 1840 אין צענטער פון פּאַריז, אינעם שמאָלן סען־זשאָזעף־געסל. אין האַנדלס־פערטל, צוויי טריט פון דער בערזע, וואו דאָס לעבן לויפט ווי אַ פליסנדיקער שטראָם פון פרי ביז נאַכט.

ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן, איז עמיל קוים 7 יאָר אַלט געווען.

דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט ירושה אַ ריזיקע אונטערנעמונג, וועלכע האָט געדאַרפט פאַרזיכערן זײַן פאַריתומטע פאַמיליע. אָבער כדי אָפּצונעמען עפּעס, האָט מען געדאַרפט

פאַרפירן אַ פּראָצעס און כדי צו פאַרפירן אַ פּראָצעס, דאַרף מען האָבן געלט — און קיין געלט האָט די אלמנה נישט געהאַט...

באַלד נאָכן מאַנס טויט האָט די יונגע אלמנה געמוזט אָנהייבן צו פירן אַ קאַמף מיט דער נויט.

זי האָט אָנגעהויבן אויסצופאַרקויפן אַלץ, וואָס איז איר נישט געווען אומבאַדינגט נייטיק, זי האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אָרעמערער דירה אַריין.

דער הונגער האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין דער טיר...

אָבער דאָס אַלץ האָט קיין שייכות נישט געהאַט צום קליינעם עמיל. צו אים האָט דאָס לעבן געשמייכלט פון אַלע זייטן. די מוטער האָט אים געליבט אָן אַ גרענעץ, ער איז ביי איר געווען איינער אויג אין קאָפּ; די באָבע האָט אים געפּיעשטשעט מיט דער גרעסטער צערטלעכקייט; ער האָט געהאַט די פולע פרייהייט און געטון אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט.

קיין שום עול האָט נישט באַלאַסטעט די אַקסלען פונם געצערטלטן יינגל. ווען ער איז שוין אין אַכטן יאָר אַלט געווען, האָט ער נאָך פון קיין צרות אַלף נישט געוואוסט.

ענדלעך האָט מען אים אַריינגעגעבן אין אַ פּאַנסיאָן. אָבער אויך אין פּאַנסיאָן איז ער נישט ווינציקער פריי געווען, ווי אין דער היים. ער האָט זיך שפּאַצירט אינם גאָרטן, געקלעטערט אויף די ביימער, געמאַכט ווייטע אויספלוגן.

אינם דאָזיקן דערציונגס־אַנשטאַלט האָט מען זיך געהאַלטן ביי דעם פּעדאַגאָגישן פּרינציפּ, וואָס לערנט, אַז דעם קינד דאַרף מען גאָרנישט אָפּזאָגן און אין אַלעם אַקעגנקומען.

אינם דאָזיקן פּאַנסיאָן האָט זאָלאַ באַקומען זיין דערציונג און עלעמענטאַרע בילדונג, ביז ער איז 12 יאָר אַלט געווען.

זיין פאַראָרעמטע מוטער איז געווען געצוואונגען אַרויסצוציען

זיך היטער דער שטאָט, וואו דאָס לעבן קאָסט ביליקער. דאָרט האָט דער קליינער עמיל זיך אָנגעזאַפּט מיט ליבע צו דער נאַטור, וועלכע איז תמיד די פּאָעטישע זייט פון זיינע רעאַליסטישע ווערק.

אין יאָר 1852 האָט מען עמילן אַרויסגענומען פון פּאַנסיאָן און אַריינגעגעבן אין דער אָרטיקער שולע, וואו ער האָט אין תחילת זיך שלעכט געלערנט, אָבער שפּעטער, ווען ער איז אַביסל אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז די מוטער ווערט וואָס אַמאָל אַלץ אָרעמער און ער וועט דעריבער מוזן אַליין מיט זיינע אייגענע הענט זיך פּלאַסטערן אַ וועג אין לעבן — איז ער געוואָרן דער בעסטער שילער אין קלאַס. ער האָט געאַרבעט מיט התמדה — אַן אייגנשאַפּט, וועלכע ער האָט געירשנט פונם פאָטער און איז אים אייגן געווען ביזן טויט.

שוין אין דער עקסטער שולע האָט זאָלאַ אָנגעשריבן אַ היסטאָרישן ראָמאַן פון דער צייט פון די קרייצצוגן, עטלעכע לידער, אַ קאָמעדיע אין דריי אַקטן.

דעם כתב־יד פונם דאָזיקן ראָמאַן האָט זאָלאַ, ווי זיין שטייגער איז געווען, באַהאַלטן. זאָלאַ האָט בכלל געהאַט אַ טבע צו באַהאַלטן כל־ערליי אינטימיטעט פּאַפּירן. זיינע נאָטיצן, בריוו, אַרטיקלען, געשעפטס־בריוו — אַלץ האָט זאָלאַ באַהאַלטן.

זאָלאַס פריינד פלעגן זיך וויצלען איבער אים:

— מיט גרויס צער צערייסט ער, נעבעך, זיינע חשבונות מיט דער וועשין...

דער כתב־יד פון זיין ערשטן ראָמאַן איז זאָלאַ געבליבן, ער איז אָבער אַזוי נאָכלעסיק געשריבן, אַז ס'איז אוממעגלעך צו דערגיין אין אים אַ טאַלק.

דאָס געפיל פון פרייהייט, וועלכעס עס האָט אין אים איינגעוואָרצלט די דערציונג, האָט זיך אין אים אנטוויקלט.

אין דער שולע האָט ער זיך אויסגעקליבן צוויי חברים: סעזאַן און באַל*). די דריי יונגלעך האָבן זיך געשאַפן אַן אָפּגעזונדערטע אייגן וועלטל, אין וועלכן זיי האָבן זיך פריי אויסגעלעבט.

ניט געקוקט אויף דער אָרעמקייט אין זיין היים — איז עמיל געווען זאָרגלאָז, ער האָט נאָך נישט געקאָנט זאָרגן. ער איז טאַקע געווען אָרעם אין מיטלען, ער איז אָבער געווען רייך אין הויכע שטרעבונגען און ליכטיקע האָפענונגען, אין שיינע געפילן און הערלעכע פאַנטאַזיעס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי זאָלאַן די תקופה פון ליידנשאַפטלעכן לייענען. ביכער האָבן אים צוגעשטעלט זיינע חברים. נאָכן דורכלייענען פלעגט ער טיילן מיט זיי זיינע איינדריקן און זיי פלעגן פירן וויכוחים.

דער רוב פון זייער ליעקטור איז באַשטאַנען פון פאָעזיע. קיין ראָמאַנען האָבן זיי נישט ליב געהאַט. באַלזאַקן, וועלכער האָט שפעטער אַזאַ גרויסן איינפלוס געהאַט אויף אים, האָט זאָלאַ נאָך דעמאָלט אינגאַנצן נישט געקענט.

שפעטער האָבן אַלע דריי חברים געשריבן לידער.

איינע פון זאָלאַס באַליבטסטע דערינערונגען אין זיין שפעטערדיקן לעבן — זענען טאַקע געווען יענע יאָרן פון זיין יוגנט, ווען ער האָט פאַרבראַכט מיט די דאָזיקע צוויי חברים זיינע.

די געזעלשאַפט פון מיידלעך איז זיי פרעמד געווען. אין

*) דער ערשטער איז דערנאָך געוואָרן אַ וועלט־באַרימטער מאָלער, דער צווייטער — אַ פראָפעסאָר אין פאָליטעכניקום.

קאַפּע זענען זיי נישט געגאַנגען. אויף דעם ריב אייטוואָוינער פון עקס האָבן זיי געקוקט מיט ביטול. זיי פלעגן צו קיינעם נישט גיין צוגאַסט.

זאָלאַ האָט אין יענער צייט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט מו־זיק. ער האָט געשפּילט אויף קלאַרנעט. ער איז אפילו איין מאָל אַהם אַמאַטאָר, אויפגעטרעטן עפנטלעך.

אין טעאַטער פלעגט זאָלאַ גיין זייער אָפט. אָבער האָט גרעסטע פאַרגניגען איז פאַר די דריי חברים געווען נישט האָט טעאַטער, נישט די מוזיק, נישט קיין פאַרוויילונגען, נישט אפילו דאָס לייענען, נאָר — די נאַטור.

אין די טעג, ווען זיי זענען פריי געווען פון לערנען, פלעגן זיי מאַכן אויספלוגן הינטער דער שטאָט. זיי האָבן זיך פאַרנו־מען מיט יאַגד און מיט פיש־פאַנג. זיי פלעגן זיך איינפּאַקן עסן און ביכער און פאַרטאָג אַרויס אין וועג אַריין.

אַרום 10 אַזייגער אין דער פרי, ווען די זון פלעגט אָנ־הייבן באַקן, האָבן זיי געמאַכט זייער ערשטן אָפּרו, ערגעץ אין שאָטן פון אַ בוים. באַל פלעגט אָנלייגן פייער, זאָלאַ האָט אָפּ־געקאָכט דאָס פרישטיק און סעזאַן האָט געמאַכט שאַלאַטן.

נאָכן פרישטיק פלעגן די חברים זיך צעגיין אין פאַרשי־דענע זייטן. זיי זענען געגאַנגען אויף יאַגד, אָבער קיינמאָל נישט דערהרגעט.

שפּעטער זענען זיי ווידער זיך צונויפגעקומען, אַוועקגע־לייגט דאָס געווער און גענומען זיך צו די ביכער. פריער איז זיי־ער באַליבטער שרייבער געווען הוגאָ*), דערנאָך מיוסע, וועלכע האָבן איינגעפלאַנצט אין זאָלאַן די ליבע צום לעבן.

אין אָוונט פלעגן די דריי חברים זיך לאָזן אין וועג אַהיים.

---

*) זע: „גראַשן־ביבליאָטעק" נומ' 224 „וויקטאָר הוגאָ".

זיי פלעגן דורכשמועסן דאָס געלייענטע, טיילמאָל דיסקוטירן אָדער גאָר דעקלאַמירן לידער ביים שיין פון דער לבנה...

איין מאָל האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרברענגען אַ גאַנצע נאַכט אין וואַלד.

זיי האָבן אויסגעזוכט אַ הייל צווישן צוויי פעלזן, צו־נויפגעזאַמלט גראָז און מאָך, אויסגעבעט זיך אַ געלעגער און זיך געלייגט שלאָפן. אָבער מיטאַמאָל האָט דאָס וועטער זיך געענדערט. ס'האָט זיך געמאַכט אַ ווינט. אַ מחנה פלעדערמייז האָט אָנגעהויבן פליען איבער זייערע קעפּ. זיי זענען דעמאָלט אַנטלאָפן פון דער הייל, איבערטראַגנדיק זייער געלעגער. צו־קוקנדיק ווי די פלעדערמייז וואַרפן זיך אין אַלע זייטן, האָבן זיי געשריגן און געקוויטשעט ווי די רוחות...

---

די מאַטעריעלע לאַגע אין זאָלאַס היים איז דערווייל פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער געוואָרן. אין יאָר 1857 האָט זיין מו־טער זיך געמוזט אַריבערציען אין אַ קליינער דירה פון צוויי צימערן. אינם זעלבן יאָר איז אויך זיין באָבע געשטאָרבן און די שטיצע, וואָס די מוטער פלעגט פון איר באַקומען, האָט אויך אויפגעהערט. די נויט אין שטוב איז געוואָרן זייער גרויס. וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען צו פאַרקויפן האָט די מוטער פאַרקויפט. די מוטער איז דעמאָלט אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, באַמיען זיך ביי איר מאַנס געוועזענע פּראָטעקטאָרן, אַז זיי זאָלן שטיצן איר פּראָצעס וועגן מאַנס ירושה. אָבער באַלד האָט עמיל באַקומען אַ בריוו פון זיין מוטער, אַז ער זאָל פאַרקויפן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר אין שטוב געבליבן, און תיכף קומען קיין פּאַריז.

זאָלאַ האָט זיך געזעגנט מיט זיינע פריינט, מיט זיין גע־ליבטע וואַנדערט אין דער פּראָוואַנס און אַן געלט, אַן וועלכע

עס איז אויסזיכטן אויף דער צוקונפט — האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין — קיין פּאַריז.

## הונגער

אין אַ פעברואַר־אָוונט אין יאָר 1858 איז זאָלאַ געקומען קיין פּאַריז. ער איז דאַמאָלט אַלט געווען 18 יאָר.

די מוטער האָט זיך שוין פאַר זיין קומען באַמיט, אַז ער זאָל קאָנען אָנקומען אין ליציי (מיטל־שול) פונם הייליקן לודוויק.

נאָך זיין פאַרבּרענגען מיט די לעבעדיקע קינדער פונם דרום אין דער עקסער שולע — האָט אים דאָ אַ שלאָגנעטון אין פּנים אַריין אַ קעלט פון די אין זיך פאַרשלאָסענע פּאַריזער יונגעלייט.

פאַרשעמט צוליב זיין פּראָווינסער אויסשפּראַך, צוליב זיין אָרעמער הלבשה — האָט דער יונגער זאָלאַ אָנגעהויבן צו לעבן אָפּגעזונדערט, אַנטלויפנדיק צו די זכרונות פון זיינע פריערדיקע יאָרן מיט זיינע געליבטע פריינד אין עקס.

ער האָט זיך שלעכט געפילט אין דער דאָזיקער ריזיקער שטאָט. דאָ האָט ער ערשט דערפילט די שאַנד פון זיין אָרעמקייט.

אַ חוץ דעם האָט ער זיך בּעגעגנט מיט יונגעלייט, געזעלשאַפטלעך ווייט מער אַנטוויקלטע, ווי יענע פון עקס. זיי האָבן געלייענט צייטונגען יעדן טאָג און וועגן אַלץ געוואוסט צו רעדן. ער האָט זיך געפילט אָפּגעשטאָנען לגבי זיינע חברים, הגם זייער „העכערקייט“ איז געווען בלויז אַן אויסערלעכע. בעת אין עקס האָט מען אים גערופן: „פּאַריזער“, וואָס איז געווען אַ כּבוד, האָט מען אים דאָ גערופן: „מאַרסעלער“, וואָס איז געווען אַ חרפּה; בעת אין עקס איז ער געווען דער ערשטער שי־

לער, איז ער דאָ געווען דער צוואַנציקסטער...

פון אַלע לעקציעס פלעגן אים געראָטן נאָר די פראַנצויזישע אַרבעטן. איין מאָל האָט מען אים אויפגעגעבן אַן אַרבעט אויף דער טעמע: „דער בלינד־געוואָרענער מילטאָן דיקטירט זיין עלטערער טאָכטער, בעת די יינגערע שפּילט אויף דער האַרפע“. דער פּראָפעסאָר לעוואַסער, אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פאַר מאָראַלישע און פּאָליטישע וויסנשאַפטן, איז אַזוי אַנטציקט געווען פון זאָלאַס אַרבעט, אַז ער האָט זי הויך פאָרגעלייענט פאַרן גאַנצן קלאַס און פאָראויסגעזאָגט זאָלאַן אַ רומרייכע צוקונפט.

זאָלאַ האָט זיך אָבער ווייניק פאַרנומען מיט די לעקציעס. די גאַנצע פרייע צייט פלעגט ער לייענען. ער האָט געלייענט הוגאָ, מיוסע, ראַבלע, מאָנטען. די דאָזיקע שרייבער האָבן אים פאַרטרעטן דאָס אָרט פון די פּראָפעסאָרן. זיי האָבן אים געלערנט ליב האָבן די פּאָעזיע און די פיינע פּראָזע.

זיינע איינדרוקן האָט זאָלאַ אויך איצט געטיילט מיט זיינע חברים סעזאַן און באַל. אין זיינע לאַנגע בריוו צו זיי דערציילט ער וועגן דעם לאַנגווייליקן לעבן אין ליצעי, וועגן זיין לעקטור, וועגן זיינע ליטעראַרישע פּרוּוון. אין די בריוו שרייבט ער אַריין לידער, שטיקער פּראָזע, פול מיט יוגנטלעכער התפּעלות, דאָ און דאָרט דורכגעלויכטן מיט בליצן פון טאַלענט, וואו־נישט וואו בלישטשעט דער גלאַנץ פון אַ טרער... אין טייל געדאַנקען אַנטפּלעקט זיך שוין דאָ דער קומענדיקער דענקער און קריטיקער.

נאָכן ענדיקן זיך פונם לערניאָר האָט די מוטער אַרויסגעשיקט עמילן קיין עקס. דאָרט באַנייט זאָלאַ זיין אַלטע פריינדשאַפט מיט זיינע צוויי פריינד. עס הויבט זיך ווידער אָן אַ סדרה פון אויספלוגן, יאַגד, לייענען אויפן קול, דיסקוטירן.

דער זומער איז געווען אַ פֿרייל עכער.

נאָכן אומקערן זיך קיין פּאַריז איז זאָלאַ שווער קראַנק געווארן. דאָס האָט פֿאַרשטייט זיך שלעכט געווירקט אויף זיינע שטודיען. דאָס לעצטע יאָר ליציי האָט זאָלאַ אויך שלעכט געלערנט, פּונקט ווי פֿריער; ער האָט דערפֿאַר אַ סך געלייענט און געשריבן; די לעקציעס האָט ער כמעט אין גאַנצן נישט געמאַכט.

ווען ס'איז געקומען דער סוף פֿון דעם שטודיום און עס זענען פֿאָרגעקומען די עקזאַמענס, האָט זאָלאַ באַקומען די ווייטערדיקע פּונקטן:

שריפֿטלעכע אַרבעטן — צווייטער שילער;

פֿיזיק, כעמיע, נאַטור-געשיכטע — זייער גוט;

מאַטעמאַטיק, אַלגעברע, טריגאָנאָמעטריע — גוט;

ס'איז אים איצט בלויז געבליבן דער עקזאַמען פֿון ליטעראַטור. דער דערפֿאָלג איז אַלזאָ געזיכערט.

ער שיקט תיכּף אַ חבר זיינעם צו דער מוטער, ער זאָל איר אָנזאָגן די גוטע בשורה:

— דער דערפֿאָלג איז געזיכערט!

ענדלעך — דער ליטעראַטור-עקזאַמען.

— אין וועלכן יאָר איז געשטאָרבן קאַרל דער גרויסער? פֿרעגט דער עקזאַמינאַטאָר.

זאָלאַ שווייגט. אויף זיין פּנים זעט מען אַ צעטומלטקייט

ענדלעך האָט ער אַרויסגעשטאַמלט אַ דאַטע.

ער האָט נעבעך אַ טעות געהאַט אין גאַנצע 5 יאָר...

זיין אויסטייטשונג פֿון לאַפֿאָנטעס*) אַ משל האָט אים די

---

*) לאַפֿאָנטען — באַרימטער פֿראַנצויזישער פֿאַבל-שרייבער.

רעשט דערהרגעט. דער עקזאַמינאַטאָר האָט אים צומאָל נישט געוואָלט אויסהערן, אַזוי ווילד האָבן געקלונגען פאַר זיינע אויערן זאָלאַס אָנשוויאונגען. ער איז גלייך איבערגעגאַנגען צו דער דייטשער שפּראַך. אָבער זאָלאַ האָט אפילו קיין צוויי דייטשע שורות נישט געקאָנט איבערלייענען...

דער רעזולטאַט איז געווען זייער אַ טרויעריקער.

— גענוג! — האָט דער עקזאַמינאַטאָר אַ געשריי־געטון מיט רוגזה און זאָלאַן מכבד געווען מיט אַ „נול"...

באמת אַן איראָניע פונם גורל: דער שעפער פון אַ גרויסער ליטעראַרישער שולע, איינער פון די באַרימטסטע וועלט־שרייבער, האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון כעמיע, פיזיק, אַלגעברע און אַנדערע לימודים, און פון ליטעראַטור האָט ער געקריגן — אַ נול...

ס'איז אַ שאָד, וואָס ס'איז נישט געלונגען צו דערגיין דעם נאָמען פונם בריהמטן עקזאַמינאַטאָר — אַזאַ חכם־עתיק דאַרף פאַראייביקט ווערן...

---

דעם זומער האָט זאָלאַ ווידער פאַרבראַכט אין פּראָוואַנס. ווידער אויספלאַנירן הינטער דער שטאָט, ווידער לייענען און שמועסן.

נאָך די וואַקאַציעס האָט ער זיך ווידער באַמיט צו באַקומען אַ דיפּלאָם. ער איז געפאָרן קיין מאַרסעל, אָבער ביי דער ערשטער שריפטלעכער אויפגאַבע איז ער אויך דאָ דורכגעפאַלן.

אין נאָוועמבער 1859 קערט ער זיך אום קיין פּאַריז, וואו ער טרעפט זיך אָן פּנים אל פּנים מיט דער האַרטער, רויערווירקלעכקייט.

— פון וואַנען נעמען אויף צום לעבן? פון וואַנען נעמען אויף עסן, טרינקען, וואוינען, הלבשה?

נאָך לאַנגע באַמיִונגען און אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פֿונם פֿאָטערס אַ פֿריינד, אַדוואָקאַט לאַבאַ, האָט ער געקריגן אַ שטעלע אַלס וועכטער אין פּאַרק, באַקומענדיק 60 פֿראַנק אַ חודש. וועגן אַ הוספה האָט ער אַפֿילו נישט געוואַגט צו חלומען, כאָטש די 60 פֿראַנק אַ חודש האָבן נישט געקאָנט באַפֿרידיקן אַפֿילו די באַשיידנסטע באַדערפֿענישן זיינע און דער מוטערס.

עטלעכע חדשים האָט ער געאַרבעט אַלס וועכטער, אָבער לסוף האָט ער די דאָזיקע באַשעפֿטיקונג אָוועקגעוואָרפֿן און 2 יאָר צייט האָט ער געפֿירט אַ ציגיינער־לעבן — אָן שום מיטלען, אָן שום שטעלונג אָדער באַשעפֿטיקונג.

שווערע יאָרן האָט דער קומענדיקער וועלט־באַרימטער שרייבער דעמאָלט איבערגעלעבט. הונגער, דורשט און קעלט — זענען געווען זיינע תמידיקע טרויעריקע באַגלייטער.

ער האָט פֿאַרזעצט אין לאָמבאַרד וואָס ער האָט נאָר געקאָנט פֿאַרזעצן.

און דאָך — איז ער נישט אָרעם געווען!

נישט געקוקט אויף דער שרעקלעכער החקות, פֿלעגט זאָלאַ אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָפֿט דערמאָנען דעם דאָזיקן ליידענסרייכן זיינעם. ער האָט טאַקע גאָרנישט געהאַט אַזעלכעס פֿאַרוואָס ער זאָל קאָנען קריגן ברויט, וויין, אַ מלבוש — ער האָט אָבער געהאַט האָפֿענונגען, וועלכע האָבן שעמערירט פֿאַר זיין גייסטיק אייג מיט אַלע פֿאַרבן פֿונם רעגן־בויגן...

געשריבן האָט ער דעמאָלט בלויז לידער, בריוו צו זיינע פֿריינד, השתפּכות־הנפֿשן אויף צענדליקער זייטן, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט זיינע אַלע געדאַנקען און טרוימען.

וועגן ליטעראַטור, ווי וועגן אַ פֿאַך — האָט ער אַפֿילו נישט געוואַגט צו טראַכטן. זען זיין נאָמען געדרוקט אויף אַ הילע פֿון אַ בוך אין שויפֿענסטער — ס'איז וייטער טרוים! ווי

יענע פּרינצעסין מיט די גאָלדענע האָר אינם מעשה־ביכל...

אָבער ליב געהאַט די ליטעראַטור האָט ער און נאָר מיט איר זיך אויסגעלעבט. ער איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, קיינעם נישט געקענט, קיין איין גראָשן נישט אויסגעגעבן אויף תענוגים, זיין איינציקע פאַרגעניגן איז געווען — ליינען ביכער ביי די בוכהענדלער אויף די געסלעך ביים ברעג.

געלייענט האָט ער אַלץ, וואָס איז אים אונטער דער האַנט געקומען. ער איז אָפּגעשטאַנען גאַנצע טעג אין זיין אָפּגעריבענעם, גרינלעכן פון אַלטקייט סורדוט, סיי אין קעלט, סיי אין ווינט, ליינענדיק אונטערן פרייען הימל.

שפּעטער האָט זאָלאַ געשריבן וועגן דער דאָזיקער צייט:

„איך האָב נישט געהאַט קיין געלט, איך האָב נישט געוואוסט וואָס עס וועט זיין מיט מיר — און דאָך איז מיר געווען גוט אויף דער וועלט! יוגנט!... ערשטע ליטעראַרישע אָנטציקונגען! לייכטזיניקייט! ווען איך פלעג זיך אומקערן אַהיים, אָנלייענענדיק זיך ביים ברעג צו דער זעט, אָדער אַרומשלעפּנדיק זיך ביזן כאָר, און איך האָב פאַרביסן מיט אַן עפּל און זיך אוועקגעזעצט צו מיין ליטעראַרישער אַרבעט: לידער, די ערשטע דערציילונגען — בין איך געווען גליקלעך. וועגן האַלץ האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ס'איז זייער טייער געווען. בלויז אויף אַ יום־טוב פלעג איך זיך דערלויבן צו קויפן אַביסל טאַבאַק און אַ דריי־גראָשעדיק ליכטל. אַ ליכט — דאָס איז ביי מיר געווען אַ לוקסוס, דאָס פלעגט מיר געבן די מעגלעכקייט אַ גאַנצע נאַכט זיך צו פאַרנעמען מיט מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן“...

## „מען דאַרף זי באַזיגן“

אין אָקטאָבער 1860 איז סעזאַן געקומען קיין פּאַריז. זאָלאַ האָט זיך מיט אים צוזאַמען אײַנגעצויגן אין אַ קליין פּאַ־

ציאַט־שטיבל אויפֿן 6־טן שטאָק. פֿאַר זייער צימערל איז געווען אַ טעראַסע, פֿון וועלכער מען האָט געקאָנט זען גאַנץ פּאַריז, ווי אויף דער האַנט.

איין מאָל, ווען ביידע פֿריינד און שכנים זענען געשטאַנען אויף זייער טעראַסע און באַטראַכט די רויִקע שטאָט, וועלכע איז געלעגן ווי אַ מעכטיקער אומגעהייער פֿאַר זייערע פֿיס, האָט זאָלאַ אַ זאָג געטון צו סעזאַנען:

— מען דאַרף זי באַזיגן...

אין יאָר 1861 האָט זאָלאַ זיך אַריבערגעצויגן אין נאָך אַן עלנטערער דירה, אין אַ דאַך־שטיבל. דאָ איז צומאָל קיין אויוון גישט געווען.

דער קאָמענדיקער באַרימטער שריפֿטשטעלער האָט זיך געקוואַטשעט פֿון קעלט, זיך צוגעדעקט מיט אַלע שמאַטעס, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, און מיט הענט רויטע פֿון קעלט, און מיט אַ נאָז, וואָס איז אויך בלוי געווען, האָט ער געשריבן לידער מיט אַ בלייפֿעדער, ליגנדיק אויף זיין געלעגער...

פֿון דאָרט האָט ער זיך אַריבערגעצויגן אין מעבלירטע צימערן.

וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעהערט דורך די דינע ווענטלעך! וואָס פֿאַראַ טראַגעדיעס, דראַמעס, קאָמעדיעס אין פֿאַרסן האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט!...

דאָ האָט זיך זאָלאַן געלעבט צום ערגסטן. ער האָט זיך דערנערט בלויז מיט ברויט און קעז. אָבער אייך דאָס פֿלעגט אים אָפֿט אויספֿעלן.

ער האָט פֿאַרמשכונט דאָס גאַנצע אָנטון זיינס און ער איז געבליבן זיצן אין שטוב פֿאַרוויקלט אין אַ קאָלדרע...

מיט אַ זעלטענעם גאַלגן־הומאָר האָט עס זאָלאַ אָנגערופֿן: „פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר אַן אַראַבער"...

איין מאָל איז ער אויסגעלאָפֿן די גאַנצע געגנט, זוכנדיק
אַן הלוואה אויף אַ מיטאָג — אָבער אָן אַ רעזולטאַט. ער איי
אַריינגעפֿאַלן צוליב דעם אין אַ שרעקלעכער פֿאַרצווייפֿלונג. נאָך
אַ קורצן ישוב־הדעת האָט ער פֿון זיך אַראָפּגעצויגן דעם פּאַלי־
טאָ און אים פֿאַרקויפֿט.

אַזוי ווי די מאַרינאַרקע מיטן וועסטל האָט ער שוין גע־
האַט פֿאַרקויפֿט פֿון לאַנג, איז ער אַהיימגעגאַנגען אין העמד
ביי עטלעכע גראַד פֿראָסט...

אָבער נאָך דעם אַלעמען האָט שפּעטער זאַלאַ געזאָגט אַז ער
האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין אומגליקלעכע טעג אין זיין
לעבן. אמת, מיטן עסן איז געווען שלעכט, דערפֿאַר האָט ער
געהאַט גייסטיקע שפּייז בשפֿע פֿון כל מעדני מלך...

אַזוי זיין נישט עמפּפֿינדלעך לגבי דער קעלט פֿונם לעבן,
האָט געקאָנט נאָר אַזאַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ גליענדיקע
זון אין זיין האַרץ...

---

ענדלעך אַנטשליסט זיך זאָלאַ — זיין פֿאַד וועט זיין לי־
טעראַטור. אויפֿן האָזיקן געביט צייכנט ער זיך אויס.

ער האָט פֿאַרייניקט דריי פּאָעמעס זיינע אין איינער און
האָט זיי געגעבן דעם נאָמען: „די קאָמעדיע פֿון דער ליבע".
אָבער ווענדן זיך צו אַ פֿאַרלעגער האָט ער נישט געהאַט די
דרייסטקייט. ער האָט זיך אויך גענומען אַרבעטן איבער אַ
בריוו־פֿאַרטראַכטער טריאָלאָגיע. ער האָט זיך אָבער איבער־
צייגט, אַז כדי צו פֿאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט וואָלט וויי־
ניק געווען דער דויער פֿון אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן...

ערשט צום סוף פֿונם יאָר 1861, פֿונם דאָזיקן זייער־שווע־
רען יאָר אין זאָלאַס לעבן, געלונגט אים צו קריגן אַן אַרבעטס־
פּאָסטן, וועלכער האָט אים געגעבן פֿאַרדינסט, לכל־הפּחות אויף

אַ באַשיידענער עקזיסטענץ.

אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון דעם מיטגליד פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, בודע, איז ער אָנגעקומען אויף אַ שטעל אין דער באַקאַנטער בוכהאַנדלונג פון האַשעט מיט אַ שכירות פון 100 פראַנק אַ חודש.

אין תחילת האָט זאָלאַ געאַרבעט ביים פּאַקן די ביכער. אָבער מ'האָט באַלד באַמערקט זיינע פעאיקייטן און ער האָט אָנגעהויבן שטייגן.

ענדלעך איז ער אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון די נעגל פונם הונגער, וועלכער האָט געדראָט אים צו פאַרניכטן.

מיט דער צייט הייבט אויך אָן צו שטייגן דער לוין זיי- נער.

זאָלאַס לאַגע האָט זיך אינגאַנצן געביטן צום בעסערן.

כאָטש, פון דער אַנדערער זייט, האָט דאָס רעגולערע, גאָר- מאַלע לעבן געהאַט זיינע נעגאַטיווע זייטן. זאָלאַ האָט געפילט, אַז ער איז מער נישט פריי, אַז ער קאָן מער נישט אַזויפיל לייענען, ווי פריער, כאָטש אַרום אים איז פול מיט ביכער. דאָס דאָזיקע לעבן האָט אים אָנגעהויבן לאַנגווייליקן.

אָבער די צייט פון הונגער, אָפּגעריסנקייט און קעלט האָט זיך געהאַט געענדיקט.

אין די אָוונטן און אין די ימים־טובים, ווען ער איז פריי געווען פון דער אַרבעט, פלעגט ער שרייבן. . איצט — שוין נישט קיין לידער, נאָר פּראָזע. אין תחילת — זייער פּאַמעלעך, נישט מער ווי איין זייטל אַ אָוונט, שלייפנדיק יעדן זאַץ.

דער פּאָסטן ביי האַשעט. האָט אים געגעבן נישט בלויז פּרנסה; דאָרט האָט זאָלאַ אויך פאַרפולקאָמט זיין ליטעראַרישע אויסשולונג.

אַ דאַנק זיין אַרבעט אינם דאָזיקן באַרימטן פראַנצויזישן

פאַרלאַג, איז ער כסדר געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַקטיאָרן, זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, ביי וועלכע ער האָט גענאַשט אַ סך לעבנס־חכמה.

פונדעסטוועגן האָט קיינער פון די אַלע שרייבער, וועלכע פלעגן באַגעגענען זאָלאַן אין פאַרלאַג פון האַשעט, אינם באַשיידענעם אָנגעשטעלטן נישט דערקענט דעם קומענדיקן באַרימטן שרייבער.

זאָלאַ האָט זיך אויך דאָ מיט קיינעם נישט באַפריינדעט. ער איז געבליבן טריי זיינע יוגנט־חברים סעזאַן און באַל, וועלכע זענען איצט אויך געווען אין פּאַריז.

די האָנערשטיקן האָט זאָלאַ באַשטימט פאַר אויפנעמען ביי זיך, — אַ מנהג, וועלכן ער האָט אויך אָפּגעהיטן אין זיין שפּעטערדיקן לעבן.

---

אויף זיין פּאָסטן אין פאַרלאַג איז זאָלאַ כסדר געשטיגן. פון צייט־צו־צייט פלעגט מען אים אויך אָנטרויען ליטעראַרישע אַרבעטן. כאָטש ביים אַרויסגעבן זיין „קאָמעדיע פון דער ליבע“ האָט עס נאָך נישט געהאָלפן.

דעם גאַנצן טאָג איז זאָלאַ געווען פאַרנומען אין געשעפט און אין די נעכט האָט ער געאַרבעט אין דער היים איבער זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. ער האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו אַרבעטן ביים שיין פון אַ ליכט, אַז אין די יום־טובֿ־טעג פלעגט ער פאַרמאַכן די לאָדנס, כדי צו קאָנען שרייבן ביים ליכט־שיין...

אין אָנהייב 1864 האָט זאָלאַ אויסגעאַרבעט אַ באַנד פּראָזע, וועלכן ער האָט געפּרוווט אַרויסגעבן נישט ביי האַשעט, נאָר ביי אַן אַנדערן פאַרלעגער, געמיצעל.

דעם 24־טן אָקטאָבער 1864 האָט זאָלאַ ענדלעך דערזען דעם ערשטן געדרוקטן עקזעמפּלאַר פון זיין „לע קאָנט אַ ני־

נאָן“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם פאַרלאַג לאַקרוא.

אין יאָר 1865 האָט זאָלאַ אָפּגעדרוקט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען אין די צייט־שריפטן „פּטי זשורנאַל“, „לאַ וויוו פּאַריזיען“ און אין ליאָנער „סאַלי פּובליק“, וועלכע ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַ זאַמלונג אונטערן נאָמען „מעז עגוז“ („מיין האַס“).

אינם זעלבן יאָר 1865 איז דערשינען אין פאַרלאַג לאַקרוא זאָלאַס „לאַ קאָנפעסיאָן דע קלאָד“.

אויף אַזאַ אופן האָט זאָלאַ אין משך פון די 6 יאָר, פון 1859 ביז 1865, ביי דער שרעקלעכסטער נויט, הונגער און קעלט זיך דורכגעשלאָגן אַ דאַנק זיין שטאַרקן ווילן, טאַלענט און אומדערמידלעכער אַרבעט אַ וועג אים לעבן.

אין סוף פון יאָר 1865 האָט זאָלאַ פאַרלאָזט זיין אַרבעטס־שטעל ביי האַשעט און באַשלאָסן זיך איז גאַנצן צו ווידמען דער ליטעראַטור.

## די ערשטע נצחונות

מאַכן אַ לעבן פון דער פעדער — איז נישט קיין לייכטע זאַך. שווער פאַר אַ שרייבער, נאָך דערצו פאַר אַ יונגען שרייבער, צו פאַרזיכערן זיך מיט אַ חודשלעכן לוין פאַר שריפטשטעלערישער אַרבעט.

אַ ראָמאַן פון אַן אָנפאַנגער האָט גאַנץ ווייניק רווח געברענגט. פון אַ טעאַטער־שטיק האָט מען גיכער געקאָנט פאַרדינען. איז אָבער נייטיק געווען פּראָטעקציע און זאָלאַ האָט קיין פּראָטעקציע אין די טעאַטער־קרייזן נישט געהאַט.

זאָלאַ האָט זיך דעמאָלט געטראַכט:

— מ'מוז זיך אַריינקריגן ערגעץ אין אַ צייטונג.

אין יענער צייט איז נעבן די גרויסע פּאָליטישע צייטונגען, וועלכע פלעגן האָבן אַ ספּעציעלע זייט צווישן די אַנאָנסן, וועלכע איז געווען געווידמעט ליטעראַטור, אַנטשטאַנען די אַזוי־גערופענע „קליינע פּרעסע“, אין וועלכער די פּאָליטיק איז אָפּגערוקט געוואָרן אויפן צווייטן פּלאַן און דאָס הויפּט־אָרט איז איבערגעלאָזט געוואָרן פאַר דער ליטעראַטור. דער אַרויסגעבער פון „פיגאַראָ“ ווילמעסאַן האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַזאַ צייטונג מיטן טיטול „עווענעמאַן“ ( Evénement ). זאָלאַ פלעגט אָפט זען ביי האַשעטן ווילמעסאַנס אייִדעם באָנאַדועו. זאָלאַ האָט דעמאָלט גערעדט מיט באָנאַדועו און יענער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין שווער וועגן זאָלאַן. אין רעזולטאַט איז זאָלאַ געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „עווענעמאַן“, וואו מען האָט אים איבערגעגעבן די אָפּטיילונג פון איבערזיכט איבער נייע ביכער.

דאָס ערשטע אַרטיקל זאָלאַס אין „עווענעמאַן“ איז דערשינען דעם 2־טן פעברואַר 1866.

באַלד נאָך די ערשטע אַרטיקלען איז דער רעדאַקטאָר אַזוי צופרידן געווען פון זאָלאַס אַרבעטן, אַז ער האָט באַשטימט פאַר אים אַ בכבודיקן האָנאָראַר. ווען זאָלאַ איז צום סוף חודש געקומען אָפּנעמען זיין האָנאָראַר, האָט אים דער קאַסירער אויסגעצאָלט פינף הונדערט פראַנק.

זאָלאַ איז געווען איבערראַשט. אַזאַ האָנאָראַר האָט איבערגעשטיגן זיינע דרייסטסטע פאַנטאַזיעס... זינט ער לעבט האָט ער נאָך אַזאַ סומע געלט אין דער האַנט נישט געהאַלטן...

זאָלאַס אַרטיקלען האָבן באַלד אַרויסגערופן אויפזען. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דרייסטקייט און אומאָפּהענגיקייט פון געדאַנק. ווי דער שטייגער איז, האָבן אים זיינע אַרטיקלען נישט ווייניק שׂונאים פאַרשאַפט.

אַ חוץ דער רעצענזיעס־אָפּטיילונג, האָט מען זאָלאַן אויך איבערגעגעבן צו רעפערירן וועגן קריטיש־קינסטלערישע אַרבעטן. באַלד דאָס ערשטע אַרטיקל, אין וועלכן זאָלאַ האָט אָנגעגריפן די מיטגלידער פון זשורי, האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל. זיין יעדער אָפּרוף האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם.

— ווער איז עס דער האָזיקער זאָלאַ, — האָבן די קינסטלער געהאַט תרעומות, — וועלכער נעמט זיך די דרייסטקייט צו שרייבן מיט אַזאַ זעלבסטזיכערקייט?

ניט איינמאָל האָבן זאָלאַס אַרטיקלען אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג. ס'פלעגט דערגיין דערצו, אַז מ'האָט די נומערן פונם „עווענעמאַן", וואו עס זענען געדרוקט געווען זאָלאַס אַרטיקלען, צעריסן אויף שטיקער אויף די בולוואַרן.

זאָלאַ אַליין פלעגט באַקומען גאַנצע פּעק אַנאָנימע בריוו מיט די ערגסטע באַליידיקונגען און זידלערייען. ס'איז איינמאָל אַפילו שיער־ניט דערגאַנגען צו אַ דועל...

ווילמערסאַן האָט דעמאָלט באַשלאָסן אָפּצושאַפן די דאָזיקע אָפּטיילונג אין „עווענעמאַן". ער האָט געבעטן זאָלאַן מער ניט צו שרייבן וועגן קינסטלער. זאָלאַ הייבט דעמאָלט אָן צו דרוקן אין דער זעלבער צייטונג אַ ראָמאַן אין פאָרזעצונגען מיטן נאָמען: „די חתונה פון אַ בר־מינן".

אָבער דאָס צופּאַסן זיך צום פּובליקום איז ניט געווען זאָלאַס טבע. דער דערמאָנטער ראָמאַן האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דער צווייטער באַנד איז אַפילו ניט געדרוקט געוואָרן.

דער דאָזיקער ראָמאַן געהער, פּונקט ווי דער ראָמאַן „די געהיימנישן פון מאַרסעל", צו זאָלאַס שוואַכסטע שאַפונגען.

דערנאָך האָט זאָלאַ אָפּגעדרוקט אין דער זעלבער צייטונג אַ סעריע ליטעראַרישע פּאָרטרעטן פון פראַנצויזישע שרייבער אונטערן נאָמען „מאַרמאָר און גיפּס".

קורץ נאָך דעם האָט דער „עווענעמאַן“ אויפגעהערט צו רעדשיינען.

אין יאָר 1867 איז זאָלאַ זיך צעשאַנגען מיט ווילמערסאַנען, כאָטש ס'איז געבליבן ביי זאָלאַן אַ געפיל פון אַכטונג צו אים, ווי צו אַ מענטש און זשורנאַליסט.

זאָלאַ איז דעמאָלט צופרידן געווען פונם לעבן. ער איז נאָך יונג, פול מיט ענערגיע, ס'איז די צייט פון זיינע ערשטע טריומפן און דערפאָלגן. אַרום אים גרופירט זיך אַ געוויסער קינסטלער־קרייז. פריער זיינע פּראָווינציאַלער חברים: סעזאַן, באַל, מאַריוס רו, וואַלאַבראַג, דערנאָך די קינסטלער עדוואַר בעיאַר, פיסאַראָ, מאַנע, דעגאַ, רעמיאַר, פאַנטען, לאַטור — די גאַנצע אַזוי־גערופענע באַטיניאָל־שולע, וועלכע איז געווען דאָס וויגעלע פונם שפּעטערדיקן אימפּרעסיאָניזם.

צעשאַנגען זיך מיט ווילמערסאַנען — האָט זאָלאַ געמוזט זאָרגן וועגן פּרנסה. ער ווערט באַלד אַנגאַזשירט אין דער מאַרסעלער צייטונג „לע מעסאַזשער דע פּראָוואַנס“. די רעדאַקציע האָט אים צוגעשטעלט דאָקומענטן, לויט וועלכע ער האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „די געהיימנישן פון מאַרסעל“.

ווי מיר האָבן געזאָגט, איז דאָס איינס פון די שוואַכסטע אַרבעטן זאָלאַס. די איינציקע פאַרענטפערונג, פאַרוואָס ער האָט דעם דאָזיקן ראָמאַן אָנגעשריבן, איז נאָר די נייטיקייט פון געלט. דער „מעסאַזשער דע פּראָוואַנס“ האָט אים געצאָלט 2 סו פאַר אַ שורה.

אין דער זעלבער צייט האָט זאָלאַ געאַרבעט איבער זיין „טערעזע ראַקען“.

טשעקאַווע, ווי־אַזוי עס איז ביי זאָלאַן אַנטשטאַנען דער פּלאַן פונם דאָזיקן ראָמאַן.

אין „פיגאַראָ“ האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אַ ראָמאַן פון

אַדאָלף בעלאָ און ערנסט דאָדע, אין וועלכן דעם ווייבס געליב־טער דערהרגעט דעם מאַן. דאָס פאַרברעכן ווערט סוף כל סוף אויפגעדעקט און די ליבע־פּאָר ווערט געשטעלט פאַרן געריכט.

זאָלאַ האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אַ קורצע דערציילונג, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט דאָס זעלבע פאַרברעכן, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס די שולדיקע ווערן נישט אַנטדעקט. געפּייניקטע פון זייערע געוויסנסביסן — פאַרסמען זיי איינס דאָס צווייטע דאָס לעבן.

אָבער פאַרענדיקנדיק די דאָזיקע אַרבעט, האָט זאָלאַ איינגעזען, אַז דער אינהאַלט גענוגט אויף אויסצופילן אַ גרויסן ראָמאַן. זאָלאַ האָט זיך דעמאָלט גענומען צו דער אַרבעט, שרייבנדיק אין דער זעלבער צייט אויך אַנדערע אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויף זיין אויסקומעניש.

אין תחילת איז „טערעזע ראַקען“ געדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „ל'אַרטיסט“. אין אָקטאָבער 1867 איז דער דאָזיקער ראָמאַן דערשינען אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע.

דער קריטיקער פון „פיגאַראָ“, אולבאַך, האָט געמאַכט פון דאָזיקן ראָמאַן אַש און בלאָטע.

— אַזאַ פאַרפוילטע ליטעראַטור, — האָט ער געשריבן,— דאַרף דאָס פּובליקום באַדעקן מיט שאַנד...

זאָלאַ האָט דעמאָלט מיט ווילמעסאַנס דערלויבעניש אָפּגעדרוקט אַן ענטפער דערויף אין „פיגאַראָ“ גופא.

אויך אַנדערע צייטונגען האָבן שאַרף קריטיקירט זאָלאַס בוך.

אַ דאַנק דער פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אַרום „טערעזע ראַקען“, איז די ערשטע אויפלאַגע גיך אויספאַרקויפט געוואָרן און ס'איז דערשינען אַ צווייטע אויפלאַגע.

דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז פון „קאַנט אַ נינאָן“,

וואָס איז אויפגענומען געוואָרן דורך דער קריטיק מיט ליבע, איז די ערשטע אויפלאַגע פאַרקויפט געוואָרן אין משך פון 10 יאָר...

פון „טערעזע ראַקען" האָט זיך אָנגעהויבן זאָלאַס דער־פאָלג, — פון דעם דאָזיקן ראָמאַן, וועלכן מ'האָט אָנגערופן „פאַרפוילטע ליטעראַטור".

מ'האָט אָנגעהויבן אַ סך צו שרייבן וועגן דעם מחבר פון דעם דאָזיקן בוך; מ'האָט דיסקוטירט, געשטפּערט זיך, גע־טאַדלט און געלויבט.

מיילן־לאַנגע אַרטיקלען האָט מען איצט געשריבן וועגן זאָ־לאַן. די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן טאַקע פּאָפּולער געמאַכט זיין נאָמען, אָבער קיין מאַטעריעלן וואוילשטאַנד האָבן זיי אים נאָך נישט געגעבן.

זאָלאַ קעמפט אָבער אומדערמידלעך. ער האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן צום טעאַטער. מיר זאָגן „אומקערן", ווייל ער האָט שוין פריער געפּרוווט שרייבן פאַר דער בינע. אין יאָר 1865, ווען ער האָט נאָך געאַרבעט ביי האַשעט, האָט ער אָנ־געשריבן אַ קאָמעדיע אין 1 אַקט אונטערן נאָמען „לאַ לעד" און ער האָט זי איבערגעגעבן אין טעאַטער „אָדעאָן". די דאָזיקע פּיעסע האָט מען אָבער נישט אָנגענומען און זי איז אויך נישט געדרוקט געוואָרן. אין יאָר 1867 האָט ער צוזאַמען מיט זיין חבר מאַריוס רו איבערגעאַרבעט זיין ראָמאַן „די געהיימנישן פון מאַרסעל" אויף אַ דראַמע. ער איז ספּעציעל געפאָרן קיין מאַרסעל, זיך באַמיען, אַז מ'זאָל דאָס דאָזיקע טעאַטער־שטיק דאָרט אויפפירן. אָבער נאָך דער צווייטער פאָרשטעלונג האָט מען עס אַראָפּגענומען פון דער סצענע און מער האָט מען עס נישט געשטעלט. ענדלעך האָט ער אָנגעשריבן נאָך איין דראַמע, „לאַ מאַדלען פערא" וועלכע איז פריער געדרוקט געוואָרן אין

באַזעצונגען אין „עווענגעמאַן“, זי איז אָבער דאָרט נישט פאַר־ענדיקט געוואָרן, מחמת די רעדאַקציע האָט אויפגעהערט זי צו דרוקן צוליב טעמים פון „אָנשטענדיקייט“. אַזעלכע זאַכן האָבן מיט זאָלאַן נישט איין מאָל פאַסירט. שפּעטער איז די דאָזיקע דראַמע דערשינען אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע און זי האָט אויסגעהאַלטן צוויי אויפלאַגעס.

## באַרג־אַרויף

זאָלאַ האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער ליטעראַטור. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ גאַנצע ריי שרייבער. אַ דאַנק זיין פריינד סעזאַן האָט ער זיך באַקענט מיט פאָל מעריס. אַ לאַנגע צייט פלעגט זאָלאַ באַזוכן זיין ליטעראַרישן סאַלאָן, וואו דער גאָט איז געווען וויקטאָר הוגאָ. זאָלאַ האָט זיך אָבער קיין מאָל נישט גוט געפילט אין דער געזעלשאַפט פון מעריסן. ביסלעכווייז האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון דעם דאָזיקן קרייז. נאָך אַ סכסוך, וועלכן ער האָט געהאַט מיט באַלזאַקן, בעת וועלכן זאָלאַ האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז ער בייגט דעם קאָפּ פאַרן מחבר פון דער „מענטשלעכער קאָמעדיע“, האָט זאָלאַ אויף תמיד איבערגעריסן מיטן דאָזיקן קרייז. ער האָט קיין מאָל מער וועגן פאָל מעריסן נישט גערעדט.

---

מיר האָבן שוין פריער דערציילט, אַז באַלד ווי זאָלאַ האָט נאָר געשטעלט זיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ ריזיק ווערק. שפּעטער האָט אים ווידער דער דאָזיקער געדאַנק באַהערשט און נישט רוען געלאָזט.

זאָלאַ האָט דעמאָלט באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ ציקל ראָמאַנען, אין וועלכע עס זאָל געשילדערט ווערן דאָס לעבן פון די מיטגלידער פון איין משפּחה אין דער צייט פון דעם צווייטן קייזעררייך — די ראָמאַנען־סעריע „רוגאָן מאַקאַרס“.

אין דעם פּלאַן פון דעם דאָזיקן ריזנווערק האָט זיך צום בולטסטן אַרויסגעוויזן זאָלאַס גענייגטקייט צו איינהייטלעכקייט, צום פֿאָרשן און צום פֿאַרייניקן אַ גאַנצע ריי פֿאַקטן — וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן נאַטוראַליסטישן שאַפֿונגס־מעטאָד.

זאָלאַ האָט זיך גענומען צוגרייטן צו דער דאָזיקער אַרבעט נישט ווי אַ קינסטלער, נאָר ווי אַ וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשער. גאַנצע 8 חדשים — פֿון סוף 1868 ביז אָנהייב 1869 — איז ער טאָג ביי טאָג אָפּגעזעסן אין דער קייזערלעכער ביבליאָטעק, שטודירט פֿיזיאָלאָגיע און נאַטור־געשיכטע, מאַכנדיק נאָטיצן.

ווען דאָס „רוי־מאַטעריאַל“ איז געווען פֿאַרטיק, דער פּלאַן געמאַכט, דער שלשלת־היוחסין אָנגעצייכנט — איז זאָלאַ אַוועק מיט אַ גענוי־אויסגעאַרבעטן פּראָיעקט צום פֿאַרלעגער לאַקרואַ.

מיר ווייסן שוין פֿון פֿריער וואָס פֿאַר אַן אומדערגרייכלעכער חלום עס איז געווען פֿאַר זאָלאַן אַ נאָרמאַלער חודשלעכער לוין, וועלכער זאָל אים געבן די מעגלעכקייט מיט אַ רויִקן קאָפּ זיך אָפּצוגעבן זיין קינסטלערישן שאַפֿן. אַן אַרבעט פֿון אַזאַ פֿאַרנעם, ווי „רוגאָן מאַקאַרס“ האָט אים דאָס געמאָנט געבן.

אַזוי איז אויך געשען: ער האָט געשלאָסן מיט לאַקרואַן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן לאַקרואַ האָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן זאָלאַן אַ רעגולערן געהאַלט פֿון 500 פֿראַנק אַ חודש.

דערפֿאַר איז זאָלאַ אים מחויב צוצושטעלן 2 ראָמאַנען אַ יאָר. די 500 פֿראַנק אַ חודש זענען נישט געווען דער גאַנצער האָנאָראַר, נאָר בלויז אַן אַוואַנס, וועלכן דער פֿאַרלעגער האָט דערנאָך געדאַרפֿט אָראָפּרעכענען פֿון זאָלאַס האָנאָראַר, נאָכן דערשײַנען פֿון יעדן באַזונדערן ראָמאַן.

ווי דער שמײַגער איז, האָט זיך זאָלאַ, ווי געוויינלעך שריפֿטשטעלער, אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ נישט גאָר פּינקטלעכן מענטש. באַלד מיטן ערשטן ראָמאַן האָט ער זיך פֿאַרשפּעטיקט, אַזוי, אַז דער צווייטער ראָמאַן איז דערשינען נאָך 3 יאָר...

אָבער לעבן האָט מען דערווײַל געדאַרפֿט. זאָלאַ האָט אָנגענומען אַ סך געלט אויפֿן חשבון פֿון דער אַרבעט און איז געצוואונגען געווען כסדר צו פֿאַרלענגערן דעם טערמין פֿון אָפּגעבן דעם מאַנוסקריפּט. ער האָט כסדר געמאַכט הלוואות, געצאָלט פּראָצענטער און פּראָצענטער פֿון די פּראָצענטער.

אין רעזולטאַט איז אַנשטאָט דעם, ער זאָל זיך פֿאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע, האָט ער זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין חובֿות ביז איבערן קאָפּ.

אַרויסגעקראָכן פֿון די חובֿות מיט די אויפֿפּרעסנדיקע פּראָצענטער איז זאָלאַ ערשט אין יאָר 1875, ווען אַ צווייטער פֿאַרלעגער, זשאָרזש שאַרפּאַנטיע, האָט אָפּגעמאַכט מיט לאַקראַ, אַז ער נעמט־איבער די אויסגאַבע פֿון זאָלאַס ווערק.

שאַרפּאַנטיע האָט אָפּגעמאַכט מיט זאָלאַן, אַז ער צאָלט אים צו 3000 פֿראַנק פֿאַר אַ ראָמאַן, בתנאי, ער זאָל אים צושטעלן 2 ראָמאַנען אַ יאָר.

די 3000 פֿראַנק פֿאַר אַ ראָמאַן האָט אָבער זאָלאַ באַקומען נישט ווי אַן אַוואַנס, נאָר פֿאַרן רעכט אַרויסצוגעבן און איבערזעצן אין משך פֿון 10 יאָר.

גלות ווי אַ חוץ די דאָזיקע ראָמאַנען האָט זאָלאַ זיך נאָך געמוזט פאַרנעמען אויך מיט אַנדערע אַרבעטן — איז אים ווידער שווער געווען אָנצושרייבן 2 ראָמאַנען אַ יאָר. ער האָט זיך ווידער פאַרשפּעטיקט.

אויך ביים נייעם פאַרלעגער איז ער געצוואונגען געווען צו נעמען אַוואַנסן.

נישט געקוקט אויפן ריזיקן דערפאָלג פון זיינע ראָמאַנען— איז זאָלאַ ווידער געוואָרן אַ בעל־חוב איבערן קאָפּ און ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון זיינע געלט־דאגות.

זאָלאַ האָט דעמאָלט באַשלאָסן אַ שמועס צו טון מיט זיין פאַרלעגער שאַרפּאַנטיע.

דער אָרעמער שריפטשטעלער איז אַוועק צו זיין רייכן פאַרלעגער אין אומרואיקער. ער האָט זיך געטראַכט, אַז אים שטייט איצט פאָר אַן אומאַנגענעמער שמועס.

„ווער ווייס, — האָט זאָלאַ זיך געטראַכט, — צי איך וועל נישט מוזן איבעררייסן באַלד אין אָנהייב די דאָזיקע גראַנדיעזע עפּאָפּייע, וועלכע איך האָב אַזוי גלענצנד אָנגעהויבן".

ער איז אין שאַרפּאַנטיעס קאַבינעט אַריין מיט אַ ציטער אין האַרץ. גרויס איז אָבער געווען זאָלאַס פאַרוואונדערונג און איבעראַשונג, ווען שאַרפּאַנטיע האָט אים איבערגעריסן באַלד ביי די ערשטע ווערטער:

— מיין טייערער, — האָט שאַרפּאַנטיע געזאָגט, — איך וויל אייך נישט באַרויבן, איך וויל פון אייערע ווערק נישט פאַרדינען מער, ווי איך פאַרדין געוויינלעך. איך האָב פאַר־אָרדנט אייך אומצוקערן אייער אויטאָר־רעכט און אייך אויס־צוצאָלן צו 40 סאַנטים פאַר יעדן פאַרקויפטן בוך. אין סך־הכל באַקומט זיך, אַז נישט נאָר איר זענט מיר גאָרנישט שולדיק,

נאָר להיפּך, אייך קומט ביי מיר העכער 10.000 פראַנק...

שאַרפּאַנטיע האָט אַרויסגענומען פון שופלאָד זיין קאָנ־טראַקט מיט זאָלאַן און געזאָגט:

— אָט איז אייער קאָנטראַקט. איך צעת ייס אים...

זאָלאַ איז געזעסן ווי פאַרגליווערט, נישט קאָנענדיק אַרויסברענגען קיין וואָרט מחמת גערירטקייט.

— גייט אַריבער אין דער קאַסע, — האָט שאַרפּאַנטיע ווייטער פאָרגעזעצט, — דאָרט וועט מען אייך אויסצאָלן וואָס אייך קומט...

— אַ דאַנק אייך, מסיע שאַרפּאַנטיע! — האָט זאָלאַ קוים אַרויסגערעדט, ווייל טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין האַלז...

די דאָזיקע באמת ריהרדיקע, גאָר מענטשלעכע סצענע, דערציילט אונז צוויי זאַכן:

ערשטנס, אַז אין יענער צייט האָבן זיך נאָך געפונען קאַ־פּיטאַליסטן, וועלכע האָבן אַ חוץ דער אייזערנער קאַסע גע־האַט — אויך האַרץ.

צווייטנס, וואָס פאַר אַ געוואַלטיקע ראָלע עס שפּילט ביי אונזער געזעלשאַפטס־אָרדענונג דער קאַפּיטאַליסט אינם לעבן פון אַ שריפטשטעלער.

ווי עס זאָל נישט זיין — זאָלאַ איז געראַטעוועט געוואָרן און אין דער ריכטיקער צייט.

זייענדיק פריי פון געלד־דאגות — האָבן זיינע ראָמאַנען אָנגעהויבן צו דערשיינען רעגולער און פּינקטלעך, איינער נאָכן אַנדערן.

דער ערשטער ראָמאַן פון דעם ציקל, „די קאַריערע פון די רוגאָנס“, איז דערשינען אין דעם יאָר 1871, דער לעצטער —

,,דאָקטאָר פּאַסקוויל‘‘ — אין יאָר 1893. פאַר די דאָזיקע 22 יאָר האָט זאָלאַ אָנגעשריבן 20 ראָמאַנען, וועלכע זענען איבערזעצט געוואָרן אין כּמעט אַלע לשונות און אויסגעוואַנדערט איבער אַלע ציוויליזירטע לענדער.

די פּאָפּולערסטע ראָמאַנען פונם דאָזיקן ציקל זענען: ,,נאַנאַ‘‘. ,,אַ טרוים‘‘. ,,אַ מענטש — אַ חיה‘‘. ,,געלט‘‘. ,,אַ חורבן‘‘. די דאָזיקע ווערק זענען זיך צעגאַנגען אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן.

,,די קאַריערע פון די רוגאָנס‘‘ האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין חער צייטונג ,,סיעקל‘‘, אָבער אין דער רעדאַקציע פון ,,סיעקל‘‘ איז פאַרלוירן געוואָרן דאָס לעצטע קאַפּיטל פונעם ראָמאַן און זאָלאַ האָט ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום באַוויזן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל אָפּצוזוכן אין דער רעדאַקציע.

דעם צווייטן ראָמאַן — ,,דער רויב‘‘ — האָט זאָלאַ אָנגעשריבן אין משך פון 4 חדשים.

פאַר זאָלאַן איז דאָס געווען אַ רעקאָרד. קיין איין בוך האָט ער נישט אָנגעשריבן אין אַזאַ קורצער צייט. דערביי זענען אַ טייל קאַפּיטלען פונעם דאָזיקן ראָמאַן, ווי, למשל, דער שפּאַציר אין בולאָנער וועלדל, ישוין פון לאַנג געווען פאַרטיק.

,,דער רויב‘‘ האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער צייטונג ,,קלאָש‘‘ (,,דער גלאָק‘‘), אָבער דער דאָזיקער ראָמאַן איז דאָרט נישט פאַרענדיקט געוואָרן, ווייל דער פּראָקוראָר איז אַריין אין ברענענדיקן צאָרן צוליב דער ,,חוצפּה‘‘ פונעם מחבר. נאָך דער סצענע איגם באַזונדערן קאַבינעט פון קאַפע ,,ריש‘‘ איז פאַרווערט געוואָרן ווייטער צו דרוקן דעם ראָמאַן.

אַלע פאַרזיכערונגען פון זאָלאַן, אַז ער האָט דורכאויס ריינע כוונות, האָבן נישט געהאָלפן.

ווען „דער רויב“ וואָלט אָנגעשריבן געוואָרן און דערשינען מיט עטלעכע יאָר פריער, ווען דאָס קייזערטום איז נאָך געווען ביי דער פולער מאַכט, וואָלט זאָלאַס נאָמען באַלד געוואָרן אַזוי באַרימט, ווי נאָכן דערשיינען פון „L‘assomoir“, (וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך שפּעטער רעדן). דאָס בוך געוואָרן פאַרפאָלגט און זיין מחבר באַרימט. אָבער איינם כאַאָס פון די דעמאָקראַטיקע פּאָליטישע קאַמפּן אין פראַנקרייך איז דאָס בוך אַדורך אומבאַמערקט.

# דערפֿאָלג

אין ,,רויב‘‘ באַשרייבט זאָלאַ די פּאַריזער ,,העברעע‘‘ געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ער האָט קיינמאָל נישט פֿאַרפֿרעגנט. ער האָט דעריבער זיך געמוזט אַרויסהעלפֿן מיט דער גאַנצער אינטואיציע. זאָלאַ איז אָבער פּאָזיטיוויסטיק געווען און ער פֿלעגט יעדן קעגנשטאַנד פֿון זיינע שילדערונגען גענוי שילדערן מיט אַלע קלענסטע פּרטים.

כדי צו באַשרייבן קאַרטן, האָט ער געזאַמלט מאַטעריאַל ביי 4 קונטשערס; כדי צו באַשרייבן אַן אָראַנזשעריע, איז ער אָפּגעזעסן גאַנצע שעהן אין די וואַרעם־הייזער פֿונעם באָטאַנישן גאָרטן...

ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אין קירך און מאַכן נאָטיצן בעת די תּפֿילות...

נישט איין פֿרומע גויע פֿלעגט אים מסתּמא ווינטשן דערפֿאַר דאָס אייביגע גיהנום...

ווען ער האָט געוואָלט באַשרייבן בלומען, פֿלעגט ער זיך אַוועקזעצן אין גאָרטן און זיי ,,מאָלן‘‘ פֿון דער נאַטור...

אינעם דריטן ווערק: ,,דער מאָגן פֿון פּאַריז‘‘ — האָט זאָלאַ געשילדערט דאָס פֿאָלק. צו באַקענען זיך מיטן לעבן פֿון דער אָרעמקייט האָט ער געהאַט גענוג געלעגנהייטן אין דער צייט, ווען ער האָט אַליין געלעבט אין דער גרעסטער אָרעמקייט און געליטן הונגער און נויט.

אָבער אויך ביי דעם היסטאָרישן ראָמאַן האָט ער געמוזט אָפּגעבן אַ סך צייט פֿאַר דער צוגרייטונגס־אַרבעט.

זאָלאַ האָט שוין לאַנג געחלומט וועגן באַשרייבן דעם פֿאַ־

ריזער הויפּט־מאַרק. ביי פאַרשידענע וועטערן און אין פאַרשידענע צייטן האָט ער באַזוכט דעם דאָזיקן מאַרק. איינמאָל האָט ער דאָרט פאַרברענגט אַ גאַנצע נאַכט מיט דער בלייפע־דער אין דער האַנט, פאַרצייכענענדיק זיינע איינדריקן. ער האָט זיך באַקענט מיטן מאַרק־וועכטער און ער איז מיט אים אַרומגעקראָכן אין אַלע קעלערן.

נאָכן אויספאָרשן די האַלעס פון אויסנווייניק, האָט ער זיך געוואָלט באַקענען מיט זייער אַדמיניסטראַציע.

נאָך לאַנגע, אָבער אומזיסטע באַמיונגען, האָט זאָלאַ זיך געווענדט מכּוח דעם צו דער פּאָליציי־פּרעפעקטור; מ׳האָט אים געשיקט פון איין ביוראָ צום אַנדערן, ביז ער האָט ענדלעך, נאָך לאַנגע זוכענישן, אָנגעטראָפן אויף דעם אַנטשפּרעכנדיקן באַאַמטן, וועלכער האָט אים געקאָנט געבן די נייטיקע אינפאָרמאַציעס. דער באַאַמטער האָט אים אויך דערלויבט אָפּצושרייבן קאָפּיעס פון ספּעציעל־כאַראַקטעריסטישע דאָקומענטן.

---

זאָלאַ האָט שוין צו יענער צייט געלעבט באַקוועם. פאַר זיין הויז האָט ער געהאַט אַ קליין גערטנדל, וועלכעס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער מויער. אינעם דאָזיקן גערטנדל האָט זאָלאַ געקאָנט מאַכן זיינע שפּאַצירן, ווען ער האָט געוואָלט פאַרטראַכטן אַ פּלאַן פון אַ נייער ליטעראַרישער אַרבעט.

אויפן זומער איז ער אַרויסגעפאָרן מיט זיין ווייב און מיט זיין מוטער צום ים. דאָרט, אונטערן מעכטיקן אַקאָמפּאַניאַמענט פון די ים־כוואַליעס, האָט זאָלאַ אָנגעהויבן אַרבעטן איבער זיין נייעם ראָמאַן „L‘assomoir“,

ער איז צוגעטרעטן פאַרווירקלעכן זיינעם אַן אַלטן טרוים:

שילדערן דאָס אַרבעטנדיקע פּאַריז, וועלכעס ער האָט אַזוי גוט געקענט.

זייענדיק נאָך אַלס קינד אין פּאַריז מיט זיינע עלטערן, זענען זיי איינגעשטאַנען ביי אַ פּשוטן אַרבעטער, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ ריזיק הויז, וועלכעס איז פול געפּאַקט געווען מיט אַרבעטער־פאַמיליעס — אַן אמתער מוראַשניק. איינע פון די דאָזיקע פאַמיליעס טאַקע אינעם ריזיקן „מוראַשניק" האָט זאָלאַ אויסגעקליבן אַלס שילדערונג־אָביעקט אין זיין נייעם ראָמאַן. וואָס האָט זאָלאַ זיך אַלץ נישט אָנגעזען, וואָס האָט ער זיך אַלץ נישט אָנגעהערט, ווען אין די לאַנגע יאָרן פון הונגער און נויט האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פאַרשידענע ווינקלען פון פּאַריז? טויט און פאַרווײַלונג, ימים־טובים און הוליאַנקעס.

ער האָט באַשלאָסן צו באַשרייבן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט. ס'איז געווען אַ פּראָיעקט מיט אַ ברייטן פּלאַנעם — אַ שילדערונג, וואָס זאָל אַרומנעמען דאָס גאַנצע לעבן פון די „נידעריקערע" שיכטן. טיפּישע חתונות און לוויות, פאַרשידענע טיפּן פון אַרבעטער און פון פאַרשידענע עלטער. ערלעכע און שווינדלער, ניכטערע און שכּורים.

זאָלאַ האָט פאַרבראַכט אין קוזשניעס, אין וועשערייען, ביי יובילערן. וואו נאָר אַ ווינקל אין דער וועלט פון דער אָרעמקייט האָט ער גענוי שטודירט און אויסגעפאָרשט.

כּדי צו קענען די אייגנאַרטיקייטן פון דער פאָלקס־שפּראַך און די פאַרשידענע פאַכזשאַרגאָנען — איז ער געזעסן איבער ווערטער־ביכער און געוויסנהאַפט שטודירט.

הינטער זיינע פענסטער האָבן געשלאָגן די ים־כוואַליעס, וועלכע האָבן געשיט מיט גאָלדענע בינקען, אָפּשפּיגלענדיק דאָס זון־ליכט...

ענדלעך איז זאָלאַ פאַרטיק געוואָרן מיט זיין נייעם ראָמאַן און עס אָבגעגעבן צים דרוק. דאָס בוך האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז עס האָט אים אַליין איבערראַשט.

די סבה פונם דערפאָלג איז געווען דאָס, וואָס דאָס דאָזיקע בוך איז געווען געשריבן אינם אַרבעטער־דיאַלעקט.

צוערשט איז דער דאָזיקער ראָמאַן געדרוקט געוואָרן אין פאָרזעצונגען אין דער דעמאָקראַטישער צייטונג „ביען פובליק“ („די טובה פונם כלל“).

זאָלאַ האָט פאַר דער דאָזיקער צייטונג געשריבן טעאַטער־קריטיק פאַר אַ חודשלעכן לוין. פאַרן דרוקן דעם ראָמאַן האָט ער געקריגן באַזונדער 10,000 פראַנק.

די רעדאַקציע איז פאַרשיט געוואָרן מיט בריוו פול מיט זידלערייען פאַר דער „אוממאָראַלישקייט“ פון זאָלאַס ראָמאַן. מ'האָט אויך געהאַט טענות צו זאָלאַן, אַז אינם דאָזיקן ראָמאַן פאַרשוואַרצט ער דאָס פנים פון פאָלק און ווייזט אַרויס אַ גרינג־שעצונג צים אַרבעטער־קלאַס.

צוליב די אומאויפהערלעכע שאַרפע פראָטעסטן פון דער לייענערשאַפט איז די רעדאַקציע פון „ביען פובליק“ געווען געצוואונגען אָבצורייסן דאָס דרוקן דעם ראָמאַן „L'assomoir“, „ “, כאָטש זאָלאַ האָט שוין געהאַט באַקומען זיין האָנאָראַר אין פאָראויס.

דעמאָלט איז קאַטיל מענדעס*), וועלכער האָט רעדאַגירט די ליטעראַרישע אָפטיילונג אין דער „רעפובליק פון וויסן“, געקומען צו זאָלאַן און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים געבן דעם ראָמאַן פון דעם אָרט, וואו דער „ביען פובליק“ האָט אים איבערגעריסן.

---

*) באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער.

ווען דאָזיקן בוך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טומל. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ליידנשאַפֿטלעכע דיסקוסיעס פֿאַר און קעגן.

אמת, זאָלאַס פֿריינד האָבן פֿאַרגעפֿילט, אַז דער דאָזיקער ראָמאַן וועט האָבן דערפֿאָלג. נאָך מער: זאָלאַ אַליין, וועלכער איז געוואוינט געווען צו קוקן אויף אַלץ מיט שוואַרצע ברילן, האָט אויך אָנגעהויבן גלייבן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק וועט האָבן דערפֿאָלג, כאָטש זיין דרייסטסטע פֿאַנטאַזיע איז געווען — 10 אויפֿלאַגעס.

אָבער דער דערפֿאָלג איז איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען.

זאָלאַ האָט נישט געוואָלט באַלד איבערגיין צו „נאַנאַ". וועלנדיק זיין פֿאַרשידנאַרטיק, האָט ער געהאַלטן, אַז ער דאַרף צווישן צוויי ראָמאַנען מיט שאַרפֿע בילדער געבן אַ באַשרייבונג פֿון אַ שטיל ווינקל, אַ שטודיום פֿון דער פּסיכאָלאָגיש־פֿיזיאָלאָגישער זייט פֿון דער ליבע.

עס האָט אים אָבער נישט געלאָזט רוען די דערינערונג אָנם בוידעם־שטיבל, אין וועלכן ער האָט געוואוינט, ער האָט געוואָלט באַשרייבן פּאַריז.

ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן זיין „פּאַוש פֿון ליבע" — אויך ביים ברעג פֿון ים אין יאָר 1877.

קיין מאַטעריאַל צום דאָזיקן בוך האָט ער נישט געדאַרפֿט זאַמלען, ער האָט געהאַט פֿאַרטיקע בילדער.

ענדלעך האָט ער זיך גענומען צו „נאַנאַ". אָבער דאָ איז באַלד אין אָנהייב אַנטשטאַנען אַ באַדייטנדיקע שוועריקייט: ער האָט געדאַרפֿט שילדערן אַ סביבה, וועלכע איז אים פֿרעמד געווען. ער האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו שילדערן אַ געפֿאַלענע פֿרוי, ווי אַ רעזולטאַט פֿון סאָציאַלער צעפֿאַלונג, ער האָט אַלזאָ געוואָלט דערציילן די געשיכטע פֿון אַ קורטיזאַנע או' לסוף וויזן

די פרוי אין דער גאַנצער דערהויבנקייט פון איר געשלעכט — צווישן אָפּגעלעבטע, פאַרטעמפּטע און פאַרטומטע מענער.

ס'איז געווען פאַר אים אַ שווערע אויפגאַבע. ער האָט נישט געהאַט קיין שום באַציונגען מיט דער דאָזיקער וועלט.

ער נעמט זיך דערמאָנט באַמיען וועגן אַ וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער סביבה.

דער פּאַריזער דראַמאַטורג הלוי פירט אים הינטער די קוליסן פון טעאַטער, כדי אים צו באַקענען מיט די אַקטריסעס און טענצערינס. זאָלאַ פאַרברענגט דאָרט דעם גאַנצן אָוונט.

איינער, אַ געוויסער הער, האָט געקענט די דאָזיקע סביבה. זאָלאַ לאָזט אים נישט אָפּ, ביז ער וועט אים אויסדערציילן אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געזען, געהערט ביז די קלענסטע פּרטים.

ער איז אַליין פאַרפאָרן אין אַ האָטעל, וואו עס האָבן זיך געפינען „פרייליכע מיידלעך" און זיך דאָרט פאַראינטערעסירט מיט אַלעם און נאָכגעפאָרשט ביז די מינדסטע קלייניקייטן. ער האָט זיך אפילו באַמיט, אַז מ'זאָל אים איינלאַדן אויף אַ אָוונט־מאָלצייט פון דער „האַלבער וועלט".

„נאַנאַ" האָט ער געשריבן פּאַמעלעך — קוים איין קאַפּיטל אין משך פון אַ חודש, ווייל ער האָט אין דער זעלבער צייט אויך געמוזט שרייבן דעם טעאַטער־פעליעטאָן פאַר דער צייטונג „וואָלטער" און פּאַריזער בריוו פאַר „וויעסטניק יעוראָפּי".

די רעדאַקציע פון „וואָלטער" האָט זיך באַמיט וואָס־מער צעפּויקן „נאַנאַ". זאָלאַ, תמיד זיך נויטיקנדיק אין געלט, האָט אָנגעהויבן דרוקן „נאַנאַ" נאָך איידער ער האָט דאָס בוך געענדיקט.

נאָכן אָפּדרוקן דאָס ערשטע קאַפּיטל — האָט זיך באַלד אָנגעהויבן שיטן אַ האָגל פון טאַדלונגען און ליב־געזאַנגען.

ווען איינע האָבן געלויבט זאָלאַן אין הימל אַריין, האָבן די אַנדערע אים פֿאַרגעוואָרפֿן... טאַלאַנטלאָזיקייט.

דער מאַטעריעלער דערפֿאָלג איז געווען אַ קאָלאָסאַלער.

דער ראָמאַן איז דערשינען דעם 15־טן פֿעברואַר 1880 אין 50 אויסגאַבן, צוזאַמען אין אַ צאָל פֿון 55.000 עקזעמ־פּליאַרן.

אַזאַ דערפֿאָלג פֿון אַ בוך האָט דאָס ערשטע מאָל פּאַ־סירט אין דער פֿראַנצויזישער ליטעראַטור.

אָבער דעם זעלבן טאָג נאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס זענען נייטיק נייע 10 אויסגאַבן.

פֿון דעמאָלט אָן האָבן אַלע זאָלאַס ווערק געהאַט גרויס דערפֿאָלג.

זאָלאַס מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער אַ גוטע.

# „זש'אַקיז"

אין די נײַנציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט האָט זאָלאַ פֿאַרטראַכט און אָנגעשריבן אַ נײַעם ציקל ראָמאַנען.

אָבער נישט געקוקט אויפֿן גרויסן ליטעראַרישן און קינסטלערישן ווערט פֿון די דאָזיקע ווערק, שײַנט אַרויס פֿון זיי און איבער זיי אַ פּשוטער בריוו, וועלכער שטעלט מיט זיך פֿאָר אײנעם פֿון די העכלעכסטע מענטשלעכע דאָקומענטן — דאָס איז זײַן באַוואוסטער „זש'אַקיז" — „איך באַשולדיק!"

די לעצטע יאָרן פֿון זאָלאַס לעבן זענען געווען יאָרן פֿון פֿאַרביטערטן קאַמף פֿאַרן רעכט פֿון דעם געשענדעטן און באַעוולטן מענטש.

דעם 15־טן אָקטאָבער 1894 האָט מען אַרעסטירט דעם ייִדישן קאַפּיטאַן אַלפֿרעד דרייפֿוס אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט געפֿירט אַ שפּיאָנאַזש־טעטיקייט לטובֿת דײַטשלאַנד.

אַרום דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ וואַקכאַנאַליע פֿון ווילדן אַנטיסעמיטיזם.

די פֿינסטערע כּחות פֿון דער פֿראַנצויזישער רעאַקציע האָבן אויפֿגעהויבן אַזאַ ווילדן, פּאַרטייאישן ליאַרעם און האָבן אַרום דער דרייפֿוס־אַפֿערע געשאַפֿן אַזאַ פֿינסטערן נעפּל, אַז נישט איין ליכטיקער קאָפּ איז אויף אַ צײַט פֿאַרטונקלט געוואָרן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אַזאַ ליכטנדיקער גײַסט ווי זשאַן זשאָרעס, דער באַוואוסטער אַרבעטער־פֿירער, איז אין תּחילת געווען קעגן דרייפֿוסן, זײַענדיק איבערצײַגט אין זײַן שולד.

אָבער ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז פֿאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פּרוּוו פֿון די

בינסטערע כוות אין פֿראַנקרייך צוריקצוברענגען דעם מיטל־אַלטער.

סיזענען אנטשטאַנען צוויי צדדים, וועלכע האָבן זיך באַקעמפֿט שאַרף און פֿאַרביטערט. אַלע פּראָגרעסיווע און פֿריי־הייטס־ליבנדיקע האָבן זיך געשטעלט צו דער פֿאַרטיידיקונג פֿונם אומשולדיקן יידישן קאַפּיטאַן, האַבנדיק דאָס פֿולע באַוואוסטזיין, אַז זיי שטעלן זיך אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער קולטור און פֿונם פּראָגרעס.

נאָכדעם, ווי דער גראַף עסטערהאַזי, דער אמתער שולדי־קער, וועלכער האָט פֿאַבריצירט העם גאַנצן בלבול קעגן דעם יידישן קאַפּיטאַן, איז דורכן מיליטערישן געריכט באַפֿרייט גע־וואָרן, בעת דער אומשולדיקער דרייפֿוס האָט זיך געמאַטערט אויפֿן טייוולס־אינזל, איז זאָלאַ אַרויסגעטרעטן אין קלעמאַנסאָס צייטונג „לאָראָר" מיט אַן אָפֿענעם בריוו צום פּרעזידענט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק, פֿעליקס פֿאָר.

אינם דאָזיקן בריוו, וועלכער האָט געהאַט די איבער־שריפֿט „זש'אַקיוז!" („איך באַשולדיק!"), האָט זאָלאַ געשריבן:

„איך באַשולדיק עפֿנטלעך דעם גענעראַל־שטאַב, איך באַ־שולדיק די קריגס־מיניסטאָרן מערסיע און בילאָ, איך באַ־שולדיק די גענעראַלן בואַדעפֿר, גאָנז און פּעליע, איך באַשול־דיק אַ גאַנצע ריי אָפֿיצירן אַז זיי האָבן מיטן פֿולן באַוואוסטזיין אומגליקלעך געמאַכט און באַגראָבן דעם זיי־פֿיינדלעכן דריי־פֿוס, כדי אַזוי־אַרום אַרויסצוראַטעווען דעם שולדיקן עסטער־האַזי. איך באַשולדיק אָפֿן די דאָזיקע אַלע הערן, אַז זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז דרייפֿוס איז אומשולדיק, נאָר זיי ווילן פֿאַרטו־שען דעם גאַנצן ענין, כדי צו ראַטעווען זייער אייגענע פֿעל. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַ זעסטערהאַזי איז אַ שפּיאָן און אַ פֿאַררע־טער פֿונם פֿאָטערלאַנד, זיי דעקן אָבער זיין שולד, כדי אליין

נישט פּרינציפּיעל אין די הענט פֿון דער גערעכטיקייט.

שרייבנדיק דאָס אַלץ, טראָג איך, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַר מײַנע ווערטער די פֿולע אחריות, און איך וואַרט, אַז מ'זאָל מיך פֿאַר זיי משפּטן. איך בין גרייט’’...

זאָלאַס בריוו איז געווען אַ מעכטיקע באָמבע, וועלכע איז געשליידערט געוואָרן אינעם רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישן לאַגער.

ס'איז געווען די ערשטע קאַמף־אַרויספֿאָדערונג.

זאָלאַס אַרויסטריט האָט אויפֿגעמונטערט אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן אויפֿצונעמען דעם קאַמף מיט דער רעאַקציע.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע העצע פֿון דער שוואַרץ־מאהדיקער פּרעסע קעגן זאָלאַן.

— זאָלאַ האָט באַליידיקט די אַרמיי! — האָבן די שוואַרצע בלעטער געליאַרעמט — זאָלאַ האָט באַליידיקט די רעגירונג און געריכט. ער דאַרף דערפֿאַר געמישפּט ווערן, ווי אַ פּאָליטישער פֿאַרברעכער.

מ'האָט דעם דאָזיקן גרויסן שרייבער, וועלכער האָט מיט זײַנע ווערק געבראַכט פֿראַנקרייך מער כבוד ווי הונדערט גענעראַלן מיט זייערע שווערדן, באַשימפּט מיט די העסלעכסטע זידלווערטער; מ'האָט זיך אַפֿילו פֿאַרמאָסטן אויף זײַן לעבן. איין מאָל איז מען אים באַפֿאַלן אין גאַס און אים געוואָלט דערטרינקען אין דער סענע; ער האָט באַקומען גאַנצע פּעק מיט בריוו, אין וועלכע מ'האָט אים געדראָט, אַז מען וועט אים דערהרגענען...

אָבער זאָלאַ האָט נישט געקוקט אויף די אַלע דראָאונגען און ווייטער געפֿירט מוטיק זײַן קאַמף פֿאַר דער גערעכטיקייט.

דער ווילדער ליאַרעם פֿון די אַנטיסעמיטן קעגן זאָלאַן האָט געבראַכט רעזולטאַטן. זאָלאַ איז געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ געריכט.

מיט דער הילף פון פאַלשע עדות האָט די אַנטיסעמיטישע קליקע זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז זאָלאַס באַשולדיקונגען האָבען נישט קיין שום יסוד.

אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פון דער ווילדער העצע אין דער קלעריקאַל־אַנטיסעמיטישער פּרעסע קעגן זאָלאַן, האָט דאָס געריכט דעם 23־טן פעברואַר 1898 אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, לויט וועלכן זאָלאַ איז אָנערקענט געוואָרן פאַר שולדיק אין באַליידיקן די רעגירונג און אויסטראַכטן רכילות אויף מיליטערישע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס. ער האָט באַקומען אַ יאָר תפיסה און 3000 פראַנק געלט־שטראָף.

אין יולי 1898 איז פאָרגעקומען די קאַסאַציע פון זאָלאַס פּראָצעס. דער אורטייל איז באַשטעטיקט געוואָרן...

זאָלאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳וויל אַזוי־אַרום פּאַראַליזירן זיין טעטיקייט. ער איז דעריבער אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד, כדי פון דאָרט אויס ווייטער צו פירן דעם קאַמף.

זיין געוואַלדיקע ענערגיע און זיין אַרבעטס־פעאיקייט האָבען זיך אין דעם האָזיקן קאַמף אַרויסגעוויזן נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי אין זיין שריפטשטעלערישער אַרבעט. נישט זייענדיק קיינמאָל קיין פּאָליטיקער — האָט ער אויך אויף דעם געביט אַרויסגעוויזן אַ נישט־דורכשניטלעכן טאַלענט. ער דרינגט־אַריין אינם מעכאַניזם פונם מלוכה־לעבן. נישט־זייענדיק קיין פּראָפעסיאָנעלער דיפּלאָמאַט, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען אָנצווייזן אויף דער געפערלעכער פּאָזיציע, אין וועלכער פראַנקרייך שטעלט זיך אַ דאַנק דעם דרייפוס־פּראָצעס לגבי דייטשלאַנד, וועלכע האָט געהאַט די ערע פון פראַנקרייך אין אירע הענט; זי האָט געהאַט די דאָקומענטן, וואָס מיט זייער הילף האָט זי געקאָנט אויפווייזן ווער עס איז דער אמתער פאַררעטער. זאָלאַ האָט באַזוכט די דיפּלאָמאַטן, וועל־

בע האָבן מורא געהאַט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע פאַרוויקלונגען.

זאָלאַ איז נישט געווען קיין דעפּוטאַט, אָבער אין אַ קורצער צײַט האָט ער געשאַפן אַ שטאַרקע פּאַרטײ אין פּאַרלאַמענט, וועמענס אומגעזעענער פירער ער איז געווען.

אין זאָלאַס פּאַלאַץ איז געווען דער גענעראַל־שטאַב פון די דרייפוס־פּאַרטיידיקער. אהין זענען כסדר פאַרפאָרן דעפּוטאַטן, זשורנאַליסטן, מיניסטאָרן. דאָרט זענען באַטראַכט און אײַנגעאַרבעט געוואָרן קאַמפּס־פּלענער.

אין אַ יאָר אַרום נאָך זײַן פאַראורטיילונג האָט זאָלאַ געהאַט די מעגלעכקייט צוריק צו קומען קיין פראַנקרייך. דער דרייפוס־פּראָצעס און דער שווערער קאַמף, וועלכן זאָלאַ האָט געפירט פאַר דער אָפּהיטונג פון דעם כבוד פון פראַנקרייך, אַלס לאַנד פון פּראָגרעס און ציוויליזאַציע, האָבן נישט נאָר נישט אָפּגעשוואַכט זײַן ליטעראַריש־קינסטלערישע טעטיקייט, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן פאַר אים געדינט ווי אַן אימפּולס פאַר נײַע קינסטלערישע לייסטונגען.

ער הייבט־אָן זײַן נײַע ראָמאַנען־סעריע „פיר עוואַנגעליומס", די פיר ראָמאַנען: „פרוכטבאַרקייט", „אַרבעט", „אמת" און „יושר".

# דער נאַטוראַליסט

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז זאָלאַ געווען נישט בלויז אַ קינסטלער אַ נאַטוראַליסט, נאָר אויך דער טעאָרעטיקער פֿון דער נאַטוראַליסטישער שולע אין דער ליטעראַטור. אַלס טעאָרעטיקער איז זאָלאַ אפילו געווען קאָנסעקווענטער, ווי אַלס ראָמאַנען־שרייבער. אין דער טעאָריע האָט ער די פּרינציפּן פֿון נאַטוראַליזם דערפֿירט ביז דער סאַמע עקסטרעמער גרענעץ, בעת ער אַליין איז אין זיין קינסטלערישן שאַפֿן נישט אַלע מאָל טריי געבליבן די דאָזיקע פּרינציפּן.

אגב, איז זאָלאַ נישט באַלד געקומען אין דער ליטעראַטור ווי אַ נאַטוראַליסט. אין 1865 איז ער אַרויסגעטרעטן אין אַ ריי אַרטיקלען פֿאַר דער עסטעטישער טראַדיציע פֿון ראָמאַנטיזם.

אין איינעם פֿון די דאָזיקע אַרטיקלען שרייבט זאָלאַ:

„מיין קונסט איז די פֿאַרלייקענונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, די אָנערקענונג פֿון אינדיווידואום מחוץ פֿון אַלע פּרינציפּן און געזעלשאַפֿטלעכע נויטווענדיקייטן“.

אין אין אַן אַנדער אַרטיקל:

„איך האָב ליב צו באַטראַכטן יעדן שריפֿטשטעלער, ווי אַ שעפֿער, וועלכער פּרוּווט, אַזוי ווי גאָט, אַ נייע ערד באַשאַפֿן“.

אַלס טעאָרעטיקער פֿון נאַטוראַליזם איז זאָלאַ אַרויסגעטרעטן אין די זיבעציקער יאָרן.

קודם־כּל ליגט זאָלאַ גרויס געוויכט אויף דער ראָלע פֿון

די ירושה־אײגנשאַפטן אין דעם מענטשנס געדאַנקען און לײדנשאַפטן. דער ראָמאַניסט, האַלט ער, איז אַ באַאָבאַכטער און אַן עקספּערימענטאַטאָר. פריער קומט דער באַאָבאַכטער און שטעלט פאַר די דערשײנונגען אַזױ, װי ער האָט זײ באַאָבאַכט, דערנאָך קומט דער עקספּערימענטאַטאָר און מאַכט אַן עקספּערימענט: ער צװינגט די געשילדערטע פּערזאָן האַנדלען אַזױ, װי ער מוז האַנדלען לױט די נאַטירלעכע געזעצן, װעלכע ער פאָרשט־אױס.

זאָלאַ װאַרפט־אָפּ דעם פּאָרװאָרף, אַז דער נאַטוראַליס־טישער מעטאָד פאַרװאַנדלט דעם שרײפטשטעלער אין אַ פאַ־טאַליסט. דער ראָמאַניסט, זאָגט זאָלאַ, באַגרענעצט זיך דאָך לחלוטין נישט מיטן אָנזאַמלען פאַקטן און מיטן פּינקט־לעכן אָפּפאָטאָגראַפירן דערשײנונגען, כּדי אַרױסצושטעלן און צו אַנטפּלעקן דעם מעכאַניזם פון די דערשײנונ־גען — מוז מען דאָך שאַפן און ריכטן דערשײנונגען. און אין דעם װײזט זיך אַרױס דעם שרײבערס דערפינדערישקײט. דער שרײבער װערט נישט נאָר נישט דער־נידעריקט, נאָר די ספערע פון זײן טעטיקײט ברײטערט זיך אױס. ער מוז זען, פאַרשטײן און דערפינדן, ער מוז זיך באַ־מיען צו ענדערן די נאַטור, נישט אַרױסגײענדיק אָבער דערבײ מחוץ פון אירע גרענעצן.

די װיסנשאַפט האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס א. ג. „גײס־טיקע" לעבן איז נישט עפּעס אַנדערש, װי אַ טײל פונם אַלגע־מײנעם מעכאַניזם, מאַטעריע. דאַרפן דעריבער די מעטאָדן פון [illegible] דאָס גײסטיקע לעבן זײן די זעלבע, װי בײם פאָרשן די מאַטעריעלע נאַטור. מיט זײנע באַאָבאַכטונגען און עקספּערי־מענטן זעצט דער ראָמאַנען־שרײבער פאָר די אַרבעט פונעם פי־זיאָלאָג, װעלכע איז פון איר זײט אַ המשך פון דער אַרבעט פונעם פיזיקער און כעמיקער.

„מיר שטרעבן, — שרייבט זאָלאַ, — צו באַהערשן די
דערשיינונגען פֿון די פּסיכישע און פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן
פֿונעם מענטש, כּדי זיי אויסצובעסערן. מיר, מאָראַליסטן־עקס־
פּערימענטאַטאָרן, ווייזן־אויף מיט דער הילף פֿון עקספּערימענ־
טען, אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן די ליידנשאַפֿט האָט זיך אַרויס־
געוויזן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער סבֿיבֿה. ווען מיר קענען
דעם מעכאַניזם פֿון אַ געוויסער ליידנשאַפֿט, וועט מען זיך
דורכן דאָזיקן מעכאַניזם קאָנען אָריענטירן אין איר און זי
באַגרענעצן, אָדער לכל־הפּחות זי מאַכן ווי־ווייט מעגלעך אומ־
שעדלעך. אין דעם באַשטייט דער נוצן און די גרויסע מאָראַ־
לישע באַדייטונג פֿון אונדזערע נאַטוראַליסטישע ווערק. מיר
שאַפֿן די פּראַקטישע סאָציאָלאָגיע און מיט אונדזער אַרבייט
העלפֿן מיר די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע וויסנשאַפֿטן. איך
ווייס נישט וועגן קיין איידעלערער אַרבעט און וועגן קיין ברײ־
טערער אָנווענדונג פֿון דער אַרבעט. באַהערשן דאָס גוטס און
דאָס שלעכטס, ברענגען אָרדענונג אין לעבן און אין דער גע־
זעלשאַפֿט, ענדלעך אַנטשיידן אַלע פּראָבלעמען פֿונעם סאָציאַ־
ליזם, געבן אַ פֿעסטן באָדן דעם יושר, לעזן מיט דער הילף פֿון
עקספּערימענט דאָס פּראָבלעם פֿון פֿאַרברעכערישקייט —
הייסט דאָס נישט זיין די נוצלעכסטע און מאָראַלישסטע אַר־
בעטער אויפֿן פֿעלד פֿון דער מענטשלעכער אַרבעט?“

ביים עקספּערימענטאַלן מעטאָד טרעט דער שרייבער אָפּ
אָן אַ זייט; ער מוז פֿאַרגעסן אָן זיינע געפֿילן און אידעען, לכּל־
הפּחות אונטערוואַרפֿן זיי דער קאָנטראָל פֿונעם אמת. דער דיכטער
פּלאַסטערט אַ וועג פֿאַרן געלערנטן. דער שרייבער קאָן נישט
שטעלן זיינע השערות העכער פֿון דער וויסנשאַפֿט. ווי נאָר עס
ווערט פֿעסטגעשטעלט אַ וויסנשאַפֿטלעכער אמת, מוז דער

שרייבער פארלאזן זיין השערה און זיך אונטערווארפן דעם וויסנשאפטלעכן אמת.

— וואס וואלטן מיר, — פרעגט זאלא, — געטראכט וועגן א פאעט, וואס וואלט זיך נאר געהאלטן ביי דער אלטער פארשטעלונג, אז די זון דרייט זיך ארום דער ערד?

זאלא האלט, אז מ׳האט איבערגעשאצט די באדייטונג פון דער פארם. ער מיינט, אז שפראך איז בלויז לאגיק, א נאטירלעכע געבוי. שרייבן בעסער, זאגט ער, וועט נישט דער, וועלכער וועט זיך מער ווי אנדערע פארפלאנטערן אין השערות, נאר דער, וואס וועט גיין דירעקט זוכן דעם אמת. מיר זעגן פארדארבן געווארן פון ליריזם און מיר מיינען פאלש, אז הויבער סטיל שטאמט פון א דערהויבענער צעמישונג, וועלכע איז עלול אריינצופאלן אין משוגעת. גוטער סטיל באשטייט פון לאגיק און קלארקייט.

דאס זענען די הויפט־פרינציפן פונם נאטוראליזם. זאלא האט בלויז איינגעשלאסן אין א הארמאנישער טעאריע דאס, וואס האט שוין פריער געהאט אריינגעדרונגען אין דער ליטעראטור. ער האט דערפירט ביז די עקסטרעמע קאנסעקווענצן די מעטאדן, מיט וועלכע עס האבן זיך שוין פאר אים באנוצט דיקענס, באלזאק און אנדערע רעאליסטן.

„די רוגאן־מאקארס“, — שרייבט זאלא אין דער הקדמה צום ערשטן ראמאן פונם דאזיקן ראמאנען־ציקל, — „די גרופע, די פאמיליע, וועלכע איך האב בדעה אויסצופארשן, כאראקטעריזירט זיך מיט דער צעלאזנקייט פון די ליידנשאפטן, מיט דער אויסערסטער אויפגערעגטקייט פון אונזער תקופה. פיזיאלאגיש שטעלן זיי מיט זיך פאר א פאמעלעך פאר אונזערע אויגן זיך אויפוויקלענדיק בילד פון די ענדערונגען אינם

נערוון־סיסטעם און אינם בלוט, וועלכע ווייזן זיך אַרויס אין דער משפּחה מחמת דעם בראשיתדיקן אָרגאַנישן פעלער און וועלכע באַשטימען — אָפּהענגיק פון דער סביבה — ביי אַלע יחידים פון דער הויזיקער משפּחה זייערע געפילן, שטרעבונגען און ליידנשאַפטן — יענע מענטשלעכע דערשיינונגען, וואָס זיי־ ערע רעזולטאַטן רופט מען אָן: גוטע און שלעכטע מידות. היס־ טאָריש שטאַמען זיי פונם פאָלק און זיי ווערן פאַרשפּרייט אי־ בער אַלע שיכטן פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, דערגרייכן אין איר צו פאַרשידענע מדרגות, א דאַנק דער הייגטצייטיקער שטרעבונג פון די נידעריקע קלאַסן אויפצוהויבן זיך העכער אויף דער סאָציאַלער לייטער"...

זאָלאַ שילדערט די „העכערע" געזעלשאַפט, די אויסדער־ ווילטע, די הויפישע קאַמערהערן, גראַפן און מאַרקיזן. אונ־ טער זייערע גלאַנציקע מונדירן זענען באַהאַלטן חיהשע אינ־ סטינקטן, משוגענע תאוות, שמוץ און מיאוסקייט. די אַריסטאָ־ קראַטיע, די „קרוין פון פאָלק", ליגט ביי די פיס פון א גאַסן־ פרוי. נאַנאַ — א ברוטאַל, פרעך און עקלדיק באַשעפעניש — איז אויסגעוואַקסן אין גאַס און ס'זענען געבליבן ביי איר אַלע געוואוינהייטן, מאַנירן און געשמאַק פון דער גאַס. זי איז צי־ ניש, קולטורלאָז, זי זידלט אירע פאַרערער אויף א גראָבן אופן. זי איז אָן ליידנשאַפט, קאַלט־אויסגערעכנט, גיט זיך אָפּ יעדן איינעם צוליב געלט, קאַפּריז, אָדער סתם אַזוי. אָבער נאַנאַ פאַרמאָגט א שטאַרקן רייץ. איר כוח ליגט אין איר שיינעם קערפּער. און צו די פיס פונם דאָזיקן ציניש באַשעפעניש לייג־ גען באַנהירן זייערע פאַרמעגנס, אַריסטאָקראַטן — זייער כבוד. די „העכערע" געזעלשאַפט ווייזט זיך דאָ אַרויס פאַר א תאווה־ דיקער חיה, וועלכע איז שכור פון ליידנשאַפט.

זאָלאַ איז דער גרעסטער מייסטער אין שילדערן חיהשע לייַדנשאַפטן.

דער באַנקיר סטיינער, אַ געניאַלער ביזנעסמאַן, אַ קאַלטער און אכזריותדיקער בערזע־שפּעקולאַנט, ווערט אַן עקלהאַפטער אידיאָט אין דער אָנוועזנהייט פון נאַנאַ.

„ער האָט נישט געקאָנט עסן. ער איז געזעסן מיט אַ פּנים פון אַ חסר־דעה, מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענער ליפּ און פלעקן אויפן פּנים. נאַנאַ האָט געדאַרפט נאָר זיך אויסביטן די סומע, אָבער זי האָט זיך נישט געאײַלט, זי האָט זיך געשפּילט מיט אים און געלאַכט אים אין סאַמע אויער אַרײַן, האָבנדיק הנאה דערפון, וואָס אַ ציטער פלעגט דורכלויפן איבער זײַן גאַנצן כּאַסיוון גוף. זי וועט נישט פאַרשפּעטיקן דעם משא־ומתן צו פאַרענדיקן"...

דער אין ריינקייט און אין גלויבן דערצויגענער גראַף מיר־פאַ, אַן אַריסטאָקראַט און דזשענטלמען, אַ שטרענגער כּאַ־מיליען־מענטש, אַ מאַן פון פליכט — ווערט אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער דאָזיקער זונה. ער פאַרקויפט צוליב איר זײַנע גיטער, רואינירט זיך, וואַרפט־אַוועק די פאַמיליע, טראָגט־איבער כּלערליי בזיונות. דאָס געפיל פון אָנשטענדיקייט און שטאָלץ וואַכט אין אים אויף יעדע ווייל און ער גיט זיך אַ שבועה, מער זיך נישט אומצוקערן צו דער דאָזיקער פרוי. אָבער ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט איר — צעגייען אַלע גוטע באַשלוסן ווי רויך.

אינם גורל פון דער קורטיזאַנע נאַנאַ שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע נערוועזע לעבן פון דער תקופה, ווען דער תהום, וועלכער האָט אָפּגעטיילט „אויבן" פון „אונטן", האָט אויפגעהערט צו שרעקן און יעדער דרייסטער מענטש האָט געקאָנט איבער אים אַריבערשפּרינגען...

„זי האָט זיך דורכגעשלאָגן שנעל און אַנטשלאָפֿן. איז גלייך געוואָרן באַרימט אין דער וועלט פֿון ליבע, זי איז גלייך אַריין אין קרייז פֿון משוגענער פֿאַרשווענדערישקייט און פֿרעכקייט פֿון דער ווייבלעכער שיינקייט".

ווייל זי האָט געהאַט די בייגעוודיקייט פֿון אַ שלאַנג, נערוועזקייט פֿון אַ קאַץ פֿון אַן איידעלער ראַסע, דעם העכערן כּוח פֿון דער זינד....

די דאָזיקע „העכערע" געזעלשאַפֿט — דאָס איז אין עצם די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט. אָבער זאָלאַ פֿירט נישט דורך קיין קלאַסן־דיפֿערענצירונג, ער שילדערט נישט די עלעמענטן, וועלכע האָבן די מיסיע צו שאַפֿן די נייע געזעלשאַפֿט. סיי דער יחוסדיקער אַריסטאָקראַטיע, סיי די פּויערים, סיי די אַרבעטער — אַלעמען שרייבט זאָלאַ צו די תּאוות, מיט וועלכע די בורזשואַזיע האָט מזכּה געווען די וועלט.

זאָלאַ האָט קריטיקירט די בורזשואַזיע, ער האָט אָבער נישט געהויבן דעם פּראָלעטאַריאַט. ער שילדערט בלויז די זינד מיט וועלכע די בורזשואַזע געזעלשאַפֿטס־אָרדענונג האָט מזכּה געווען אַלע קלאַסן.

אין דער קעלט פֿון סוחרישן חשבון זענען פֿאַרפֿרוירן און אָפּגעדאַרט געוואָרן אַלע געפֿילן. דער העכסטער סימבאָל און דער מאַסשטאַב פֿון אַלע ווערטן איז געוואָרן — די מטבע. די מטבע איז דער זעלבסטהערשער אין דער געזעלשאַפֿט, וועלכע רינגלט־אַרום נאַנאַן.

נאַנאַ האָט געהאַט אַ שיינעם קערפּער. האָט זי אין דער געזעלשאַפֿט פֿון האַנדל און שפּעקולאַציע איר איינציקע מעלה קאַלקולירט אויף וואַלוטע...

נאַנאַ — איז די געזעצלעכע טאָכטער פֿון איר בורזשואַזער עפּאָכע, אין וועלכער דער לוקסוס דינט נישט דעם קאָמ־

פּאַרט און גײַסט צו באַפרידיקן די פאַרלאַנגען, נאָר צום אַרויסשטעלן זיך, צו מאַניפעסטירן די אייגענע מאַכט און עשירות.

„איר וואוינונג האָט געפלאַמט ווי דער האָרן פון אַ שמידעריי, אירע גײַסט־זאַט־ווערנדיקע קאַפּריזן האָבן אונטערגעהאַלטן דעם פלאַם. ס׳איז גענוג געווען איין בלאָז פון אירע ליפּן, כּדי צו פאַרוואַנדלען קופּעס גאָלד אין הויפנס אַש, וועלכע דער ווינט האָט בסדר אַוועקגעטראָגן"...

האָבן די מעגלעכקייט צו שיטן מיט געלט אין אַלע זייטן — דאָס איז דער אַלערהעכסטער „אידעאַל" פון יעדן בורזשואַ. מיט דער דאָזיקער שטרעבונג האָבן זיך אָנגענומען אין דער תּקופה פון בורזשואַזער הערשאַפט אויך אַלע איבעריקע קלאַסן.

---

אין דער ספערע פון אַן אַנדערער לײַדנשאַפט פירט אונדז אַרײַן דער ראָמאַן „ג ע ל ט". טויזנטער לײַכטגלייביקע טראָגן זייערע אָפּגעקאַרגטע גראָשנס צו דורכגעטריבענע שפּעקולאַנטן און ווערן רויִנירט.

נאַנאַ רויבט מיט דער הילף פון איר קערפּער, וועקנדיק די חיהשע אינסטינקטן, דאָ — רויבט מען מיט דער הילף פון אָפּנאַרן יענעמס צוטרוי, וועקנדיק דעם אינסטינקט צום דערווערבן רײַכטימער, דעם דורשט נאָך עשירות.

די מענטשן, וועלכע זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אינם קאַמף אויף דער בערזע, הייבן אָן ליב צו האָבן דאָס געלט נאָך געלט לשמה. זיי פאַרגעסן אין גאַנצן אָן דעם גוטס, וואָס דאָס געלט קאָן געבן, זיי האָבן צומאָל דערפון קיין הנאה נישט; זיי האָבן פאַרגעניגן פונם אַזאַרט, פון די געשעפטס־קאָמבינאַציעס, פונם באַוואוסטזיין, אַז זייער אונטערשריפט קאָן צערודערן טויזנטער מענטשן, אָפּשטעלן לויפנדיקע צוגן, אויפבויען פאַבריקן און אָפּשטעלן זיי.

דער קעניג פון די באנקירן גונדערמאן קאן צומאל קיין פיצל פלייש נישט אויפעסן, ווייל ער ליידט אויף א מאגן־קראנקהייט און דערנערט זיך שוין העכער 20 יאר מיט מילך...

אין דער דאזיקער סביבה פון די געלט־יעגער האט זיך אויך אנטוויקלט יענע פארם פון אנטיסעמיטיזם, וועלכע איז כאראקטעריסטיש פאר דער קאפיטאליסטישער ארדענונג.

ציענדיק אמאל זיין יניקה פון פאנאטיזם און רעליגיעזער פארבלענדקייט, האט די אייביקע שנאה צו יידן באקומען נייע יניקה אין קאמף פארן געלט. יידן זענען די קעניגן פון דער בערזע. גונדערמאן איז א ייד. די רדיפות האבן ביי יידן אנטוויקלט די פעאיקייט ארויסצודרייען זיך פון א שלעכטער סיטואציע, — א פעאיקייט, וועלכע איז נייטיק צום געלט־געיעג. מ'האט די יידן פיינט נישט מחמת שנאה צום גייסט פון דער בערזע, נאר מחמת קנאה. דער „אריער“ סאקאר שעלט דעם ייד גונדערמאן נאר דערפאר, ווייל ער זעט אין אים יענעם אידעאל, צו וועלכן ער קאן נישט דערגרייכן...

---

דאס זעלבע מאראלישע פרצוף האט אויך ביי זאלאן דאס קליינבירגערטום. אויב די פארם איז דא אנדערש — איז דער אינהאלט פאקטיש דער זעלבער. דאס זעלבע ווילדע געיעג נאך געלט און נאכן באפרידיקן די חיהשע אינסטינקטן.

אבער ווי זעט עס אויס ביי די גאר־„נידעריקע“ שיכטן, קליינע הענדלער, ארבעטער און קבצנים? דער ראמאן „L'assomoir“, פירט אונז אוועק אויפן בולוואר לאשאפעל, וואו עס דערגרייכט נישט דאס גערויש פון די רייכע עקיפאזשען אין די שיינע גאסן פון פאריז. דא הערט זיך אן אנדער מין טומען — דאס טומען פון המון.

,,פון דערווייטנס האָט דער דאָזיקער המון אויסגעזען, ווי אַן אַנפּגימאָדיקע מאַסע פון אַן אומבאַשטימטער פאַרב, אין וועלכער עס האָבן זיך מער פון אַלץ געוואָרפן אין די אויגן בלאַס־בלויע און שמוציק־גרויע גיואַנסן".

זייער טאָג גייט־דורך אין שווערער האַרעוואַניע, אין מיאוס־דיקע היגיענישע באַדינגונגען.

ווען דער דאָר־דעקער קופּאַ איז אַראָפּגעפאַלן פון דאַך, אָפּגעלעגן 2 חדשים און אויפגעשטאַנען פון בעט אַן אויסגע־מאַטערטער און צעבראָכענער, האָט ער אין זיין האַרץ באַ־האַלטן אַ טיפע שנאה צו זיין אַרבעט. ,,דאָס איז אַן אומגליק־לעכע אַרבעט, — זאָגט ער, — ווי אַ קאַץ צו קריכן גאַנצע טעג איבער די גזימסן. זיי זעגען נישט קיין גאַראַנים, די דאָ־זיקע בורזשועןן! אייך שיקן זיי צום טויט און אַליין האָבן זיי מורא אַרויפצוקריכן"...

און ער פירט־אויס: ,,יעדער דאַרף זיך אַליין דעקן זיין דאַך"...

דער דאַך־דעקער איז נאָך נישט דערגאַנגען צו זיין קלאַ־סען־באַוואוסטזיין. ער פאַרשטייט נאָך נישט, אַז עס איז נייטיק אַ קאַמף קעגן עקספּלאָטאַציע בכלל. ער האָט נאָר פאַר־דרוס, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט אויסגעלערנט עפּעס אַן אַנ־דערע, ווייניקער געפערלעכע מלאכה...

קיין פּראָטעסט קעגן עקספּלואַטאַציע הערט זיך נישט פון זאַלאַס ווערק. וואָס מ'קאָן יאָ ביי אים געפינען, איז — מיטגעפיל. אויך אין דער דאָזיקער סביבה פון אָרעמען פאָלק זוכט זאָלאַ מאַטעריאַל צום שילדערן די מענטשלעכע געפאַלנ־קייט. די אָרעמע מענטשן פאַרשכורן זייערע לעצטע גראָשנס, פרעסן זיך איבער, ווען זיי האָבן נאָר די מעגלעכקייט, זענען

אויסגעלאָסן און קומענדיק שכּור אַהיים — שלאָגן זיי זייערע ווייבער, וועלכע פאַרראַטן זיי. די חיהשע אינסטינקטן, דער ניאוף און די גייציקייט, וועלכע זענען אין דער „העכערער" געזעלשאַפט אויסגעפוצט אין גאָלד און אין זיידנס, דערשייַנען דאָ אין זייער עקלהאַפטער נאַקעטקייט.

„...ער האָט זי גישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע אָרעמס. זי האָט זיך פאַרלוירן אין אַ לייכטן קאָפּ־שווינדל, מחמת דעם ראַטח פון דער וועש, און איר איז נישט דערווידער געווען דער ריח פון בראָנפן, וואָס האָט זיך געשפּירט פון קופּאָ. און דער גראָבער שטאַרקער קוש, מיט וועלכן זיי האָבן זיך געביטן אין דער מיט פונם דאָזיקן שמוץ פון איר מלאכה, איז געווען ווי דאָס ערשטע פאַלן אויף דעם פאַמעלעכן אונטערגאַנג פון זייער לעבן"...

שיכורים, גזלנים, אידיאָטן, סאַדיסטן, ניידאַסטעניקער— דאָס זענען די רעזולטאַטן און קרבנות פון דעם מיינונגעם וועט־געיעג נאָך געלט.

זאָלאַ איז נישט געווען קיין קעמפער קעגן דער בורזשוּ־אַזער געזעלשאַפטס־אָרדענונג. זאָלאַ האָט אויך נישט געגעבן קיין פּאָזיטיווע אידעאַלן פאַר אַ וועלכן עס איז הלאָה, אָבער דאָס פינסטערע בילד פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וועל־כעס ער האָט געשילדערט, האָט געדינט פאַר זי גלענצנדיק גע־ווער דיריעניקע, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַ ראַטח דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

# דער טויט

דעם האַזיקן מאַן, וועלכער האָט אומעטום געזוכט דער עיקר דעם זין — איז באַשערט געווען צו שטאַרבן מיט אַ זינלאָזן טויט.

אין דער נאַכט פון 28־טן אויפן 29־טן סעפּטעמבער 1902 איז זאָלאַ געשטאָרבן פון אַ טשאַד... דער אויוון אין זיין שלאָף־צימער איז קאַליע געוואָרן און דער האַזיקער נאַרישער צופאַל האָט אומגעוואָרפן דעם האַזיקן ריזיקן דעמב.

זאָלאַס לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקער דעמאָנסטראַציע. פיל טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן גאָרנישט לאַנג צוריק געשריגן: „נידער מיט זאָלאַן!“ — זענען אַ צײַט מיט געבויגענע קעפּ געגאַנגען נאָכן אָרון פונעם גרויסן שרייבער.

טעלעגראַמען פון אַלע עקן וועלט האָבן אונטערגעשטראָכען נישט נאָר זאָלאַס גרויסע ליטעראַריש־קינסטלערישע פאַרדינסטן, נאָר אויך זיין בירגערלעכן מוט.

„אייער טרויער, — האָט אַנאַטאָל פראַנס געשריבן צו זאָלאַס אַלמנה, — איז דער טרויער פון דער גאַנצער וועלט. די מענטשהייט האָט פאַרלוירן איינעם פון אירע גרעסטע מוחות, איינעם פון אירע גרעסטע הערצער. זאָלאַ לאָזט איבער אַ ירושה פון גרויסע שאַפונגען און פון אַן אידעאַלן בײַשפּיל“...

(סוף)

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.

„GROSZEN-BIBLJOTEK“ **Nr.** 263

Adres red. i adm.: Warszawa, **Wspólna 5**

Skrzynka pocztowa 178. **P. K. O. 25.449**

# צו אונזערע אַבאָנענטן!

מיר מאַכן אויפמערקזאם אונזערע אבאָנענטן, אַז פון היינט אָן וועט דער אבאָנאמענט אָנגענומען ווערן נאָר פון 1-טן פון יעדן חודש. **פון מיטן חודש אָן וועט קיין אבאָנאמענט נישט אָנגענומען ווערן.**

פארלאג „גראָשן-ביבליאָטעק“

Red. i wyd. M. Finkielsztejn.